זה שמו

קורות עתות

# נאפאלעאן הראשון

## קייזער צרפת

איך פארזיכער אייך ליבע לעזערס אז ווער עס
וועט קוי..ן דיזען ביכעל וועט קיין חרטה האבין.
ווארום ער וועט ביים לעזען גרויס נחת האבין. אונ
צום לעצט וועט ער אסך השכל גיפינען. אז נאר
צוא השי"ת איז די ממשלה. אונ וויא עס שטייט ה'
משפיל אף מרומם. שקר הסוס לתשועה וברוב חילו
לא ימלט. נור פון השי"ת קומט די הילף: יעצט
האבין מיר צוא גיגעבין די דערציילונג פון 2 – 3
טען נאפאלעאן מיט זייערע מלחמות ביז צו זייער ענדע:

## ערשטע אין צווייטע טהייל

הזכות נמכר לצמיתות לר' פייבל ראזען נאלעווקי 32
נאום אהרן מרדכי בן ש"ר נתנאל דוד וויסבערג ז"ל

ווארשא

בדפוס של ר' אפרים בוימריטטער רחוב דזיקא 44

КОРЕСЪ ИТОСЪ НАПОЛЕОНЪ

составл. Д. Шульгофомъ. Часть I.

ВАРШАВА 1893.

זה שמו

## קורות עתות

# נאפאלעאן הראשון

## קייזער צרפת

איך פארזיכער אייך ליבע לעזערס אז ווער עס
וועט קויפן דיזען ביכעל וועט קיין חרטה האבין .
ווארום ער וועט ביים לעזען גרויס נחת האבין . אז
צום לעצט וועט ער אמוסר השכל גיפינען . אז נאר
צוא השי"ת איז דיא ממשלה . אונ וויא עס שטייט ה'
משפיל אף מרומם . שקר הסוס לתשועה וברוב חילו
לא ימלט . נור פון השי"ת קומט דיא הילף : יעצט
האבין מיר צוא גיגעבין דיא דערציילונג פון 2 – 3
טען נאפאלעאן מיט זייערע מלחמות ביז צו זייער ענדע :

## ערשטע אין צווייטע טהייל



הזכות נמכר לצמיתות לר' פייבל ראזען נאלעווקי 32
נאום אהרן מרדכי בן ש"ר נתנאל דוד זיסבערג ז"ל

וואַרשא

בדפוס של ר' אפרים בוימריטטער רחוב דזיקא 44

КОРЕСЪ ИТОСЪ НАПОЛЕОНЪ

составл. Д. Шульгофомъ. Часть I.

ВАРШАВА 1893.

דאס איז ידוע אז פיל מענשין פ־עגין, היות | עס איז אין דיא וועלט פיל מלכים מוצלחים געוועזין. נור פון יענע מוצלחים איז דא ווענעג בעשרייבונג ענטוועדער גאר ניט. אונ פון קייזער נאפאלעאן אלע זיינע ווערק פון גיבארין טאג ביז וואנען מען האט זיין טויטען קערפער צו ריק גיבראכט אין פאריז שטייט אלעס בעשריבין. אין אלע שפראכען. דעראף וועל איך אייך איין תירוץ זאגין. מעשה וגבורות נאפאלעאן איז וואונדער צו וויסין. וואייל ער קומט ניט ארויס פון מלכים אונ שרים גדולים. אונ קיין מענש האט אים ניט גיהאלפין צוא זיין גדולה. אדרבה גרויסע שרים האבין אים גיהאסט אונ פון דעסט וועגין איז ער גיווארין אזויא גרויס אז ער האט פיל מלכים גישטירצט פון זייער שטול. אונ האט אנדערי קיניגען גיקרוינט. ווידער איז דיא אורזאכע. דען האטשי ער איז גיוועזן אויף דיא העכסטע ארט גרויס. פון דעסט וועגין איז ער ניט גיגאנגען נאך תאות עולם הזה. נור ער האט זיך בעמיט צוא מאכין חוקים ישרים. וואס דיא וועלט היטין עס. נאך אטעם אויף זיין בעשרייבונג איז דא. וואייל ער איז שטענדיג בייא אלי גרויסע מלחמות זעלבסט גישטאנען בייא דיא זעלנער וויא דיא קאלין פליהען. אונ ער האט זעלבסט בעפוילין וואס צוא טוהען. נאך איין אורזאך איז דא וואייל זיינע רייד וואס ער פלעגט זאגין צוא זיינע שרי החיל. דא וועלין מיר דעם שונא גובר זיין אונ אויף דעם שטעל וועלין מיר לויפין אונ נאך אזעלכי אופנים. עס האט נימאלס גיפעלט פון זיינע רייד. אונ דיזע־ טעם איז אם העכסטין. כדי זיך צוא נעמין איין מוסר השכל צוא זעהין פון זיין סוף. אז מענשינס גבורה איז קיין גבורה. אונ דעם מענשינס חכמה אי קיין חכמה. נור צוא הש"י איז דיא גבורה. ווארום אז הש"י האט אפ גיטאן דיא הצלחה פון אים. איז זיין סוף גיוועזן זייער שלעכט. אונ וואייל אין יעדער שפראך איז שוין לענגסט באזעצט זייני גבורות אין חכמות בשפת עבר. איז אלי זייני מעשים אין גבורות איבער גיזעצט. נור איף עברי דייטש איז דאס נאך ניט גידרוקט גיווארין. על כן האב איך מיר גינומען איין ווענינ צייט. אונ אלע סיפורי מעשיות אונ מלחמות האב איך בקיצור מעתיק גיוועזן אויף עברי דייטש כדי דיא מענשין וואס פאר שטיין ניט לשון עבר. זאלין אויך קענין וויסין זייני נפלאות. אויך זיין מפלה. אונ לסוף וועט ארויס קומען אמוסר השכל אז א מענש קאן זיך גאר ניט רידהמען ניט מיט חכמה. ניט מיט גבורה אונ ניט מיט עשירות נאר בייא הש"י איז דאס דא. ער ווערט נימאלס פאר ענדערט. אונ וועמין הש"י בענשט יא מיט דיא מעלות דארף ער זיך אזוי גוט פירין מיט

נוּטִי מַעֲשִׂים אַז זַיין הַצְלָחָה זָאל נִיטְאלְס פוּן אִים אָפּ גִיטָאן וֶוערִין׃ אִיךְ פַּאר הָאף אַז דֶער וָואס וֶועט קויפִין דָאס בִּיכֶל וֶועט פַּאר גְווִיס נַחַת הָאבִין בַּיים לֶעזִין. דָאס בִּיכֶל רופְט זִיךְ אָן קוֹרוֹת עִתּוֹת נַאפּאלֶעאָן וַוייל אִין אִים שְׁטֵייט בֶּעשְׁרִיבִּין פוּן זַיין גִיבָּארִין טָאג בִּיז וַואנֶען זַיין טויטֶער קֶערְפֶּער אִיז צוּא רִיק גִיבְּרַאכְט גִיוָוארִין פוּן אִינְזֶעל סַאנְטְהֶעלֶענָא וְוִיא עֶר אִיז גִיוֶועזִין אִין גִיפֶּענְקֶענִישׁ. נָאךְ פַּארִיז בְּכָבוֹד גָדוֹל׃

ממני המעתיק דוד שולהאף סוואלקאווישק

---

אנכי הח"מ המעתיק ספר תולדות נאפאלעאן בלשון יודיש דייטש המורגל מכרתי ההעתקה הזאת להמדפים ר' נתנאל דוד זיסבערג וכל הכח וזכות שהיה לי בהעתקה הזאת הכל שייך לרנ"ד הנ"ל ורשות בידו להדפיס העתקה הנ"ל כמה פעמים שירצה ולעכב בעד כל איש שירצה להדפיס ההעתקה הנ"ל בזכות כל מעתיק בהעתקהו ורנ"ד הנ"ל שילם לי בעד העתקתי הנ"ל כפי ההשוואה שהיה בינינו ומעתה לא השארתי לי שום זכות בהספר הנ"ל אבל הכל שייך לרנ"ד הנ"ל. ונעשה בת"כ ובקגא"ס בכל אופהיו"מ ע"פ תיקון חז"ל וע"פ חוקי המדינה ותוקף כתב זה כהוקף כל השטרות הנעשים בבד"ת וע"פ הרייענט כפי חוקי המדינה דלא כאסמכתא ודלא כטופסי דשטרי.

באתי עה"ח פה ווארשא דעם 24 מארץ 1863.

נאום דוד שולהויף מעתיק ספר תולדות נאפאלעאן בלשון יודיש דייטש

כפי הכה והזכות שקניתי מהמעתיק ספר תולדות נאפאלעאן כמבואר הנני מזהיר לכל איש לבל ישלח ידו להדפים ספר הזה בלי הרמנא ורשות שלי כי אביאנו בפלילים ע"פ חוקי תוה"ק וע"פ חוקי המדינה העומדים לימין כל מחבר ומעתיק איזה ספר לבל יבוזו זרים חילו ולשומע יונעם.

נאום המדפים נתנאל דוד זיסבערג

אין לאנד קארסיקא אין שטאט איקציא . וואר איין מאן מיט זיין נאמען קארל . זיין פרויא וואר מיט איר נאמען לעטיטא . די פרויא האט געבארען צו איר מאן פינף זאהן אונ דרייא טעכטער . דיא זאהן האבין זיך גירופען יאזעף . נאפאלעאן . לוציאן . לודוויג . הירנימוס . דיא טעכטער האבין זיך גירופען עליזא . פאלינא . קארלינע . נאפאלעאן איז געבאהרען געווארין דעם 15 אוגוסט יאהר 1769 . זיין מוטער איז געקומען פון קירך . וויא זיא האט נור קוים איר פים אויפין שוועל געשטעלט אזויא איז דער (נאפאלעאן) אויף דער וועלט געקומען . צוואר זיין מוטער האט קיין שמערץ געפילט :

(קארסיקא) איז איין אינזעל אפין ים . דער אינזעל האט זייער גוטע לופט אונ פיל ווארעם . דרום זענין דיא מענשין פון דעם אורט זייער שטארק . אונ דער לויף פון דיא בלוט אונ דיא אדערין איז בייא זייא פיל געשווינדער וויא בייא אנדערי מענשין . ווייל דיא הויט אין דארט זייער גרויס אונ דער געבייא פון זייערע קערפערין איז פיל שטארקער פון אנדערי מענשין . וועגין דיא גוטע אונ געשמאקע מאכלים וואס זייא עסין דארט :

דאס איז וואהר אז דיא טבע שטארקט דיא מענשין דארטין . אבער דער (נאפאלעאן) איז נאך פיל שטארקער אין נאטור געוועזן וויא דיא אנדערי איינוואהנער פון (קארסיקא) . זיין הארץ איז געוועזן שטארק גלייך וויא איין לייב האט פאר קיין זאך קיין מורא אונ בשעת ער איז געוועזן נאך אקינד האבין פאר שטענדיגע מענשין אויף אים געזאגט אז ער איז נאר געבארין געווארין צוא זיין אגיבור מלחמה :

בשעת ער האט גילערנט בייא לעהרערס האט ער פאר מיאוס צוא פאר ברענגען זיין צייט מיט ניט ניציגע רייד . זיין נאטור איז געוועזן זייער ווייניג צוא ריידין אין וואס ער איז געוועזן בהכרח צוא ריידין איז געוועזן קלוגע אונ געוואויגענע רייד . זיין אקשאנעס איז געוועזן פון נאטור זייער הארט . ווען זייני לעהרערס האבין אים געהייסין לערנין אזעלכעס וואס אים האט דאס ניט געפעלין פלעגט ער זייא בשום אויפין ניט פאלגין חאטשי זייא פלעגין אים שטארק בשטראפין דא פיר . נור ווייל זייא האבין אבער געזעהן אז זיינע לימודים שטייגט הויך האבין זייא אים געלאסט לערנין וואס אים געפעלט :

נאר דיא צייטין וואס ער האט געלערנט אין שקאלעס . פלעגט ער זיך ניט באהעפטין צוא זייני חברים צוא שפאצירין גיין . אין אם מערסטין וואר זיין חשק דעם לימוד חכמת הצבא . אין חכמת המדידה ווייל מדידה איז זייער פיל נייטיג צוא מלחמה אונ דאס האבין זייני לעהרערס אויף אים נאך געזעהן . אז ווען ער פלעגט מאנבעס מאל

לֶעזֶען אֵיין בוּךְ פוּן מִלְחָמוֹת פְּלֶעגְט זַיין גִישְׁטַאלְט פוּן שִׂמְחָה וָואר גְלִיהֶען וְויא פַייעֶר :

דֶעם 17 אָקְטָאבֶּער 1784 אִיז עֶר גִיבְּרַאכְט גִיוָוארִין קֵיין פַּארִיז צוּא לֶערְנֶען (הכמת מלחמה) חָאטְשֶׁי עֶר הָאט נוּר אֵיין מָאנַהֵייט גִילֶערִינְט אִין פַּארִיז. דֶעסְט וֶועגִין הָאט עֶר פִיל לִיבּ שַׁאפְט צוּא זִיךְ צוּא גִיצוֹיגִין פוּן אַלֶע פְּרָאפֶעסָארִין אוּנ אַלֶע הָאבִּין אוֹיךְ אִים מַסְכִּים גִיוֶועזִין אַז וֶוען דִיזֶער זָאל לֶעבִּין וֶועט פוּן זַיין נָאמֶען דִיא וֶועלְט קְלִינְגֶען :

אַזוֹי פִיל שְׁטַארְקֵייט הָאט עֶר אָן זִיךְ גִיהַאט אַז עֶר הָאט זִיךְ גִיוַואגֶעט צוּא זָאגִין צוּא דִיא פְּרָאפֶעסָארִין. וְויא אִיךְ זֶעה דָאס פִירוּנְג פוּן דִיא תַּלְמִידִים אִיז דָאס הוֹיז גָאר אַחֲצַר הַמֶלֶךְ אָבֶּער נִיט אֵיין לֶערִין שְׁטוּב. וָוארוּם וֶוער עֶס וִויל לֶערְנִין מִיט פְלַיִיס. אִיז אִיבֶּערִיג דִיא תַּעֲנוּגִים וָואס זֵייא טוּעֶן זִיךְ אָן דִיא פְּרָאפֶעסָארִין הָאבִּין זִיךְ זֶעהְר פִיל פַּאר וְואוּנְדֶערְט אַז אֵיין לֶעהְר יוּנְג זָאל זָאלְכֶעס קָאנִין פוּן מוֹיל אַרוֹיס בְּרֶענְגִין. אוּנ וַוייל דִיא פְּרָאפֶעסָארִין הָאבִּין גִיזֶעהְן דָאס עֶר אִיז אוּנְצוּפְרִידִין הָאבִּין זֵייא אִים אָפִּין גֶעזָאגְט דוּא דַארְפְסְט שׁוֹין מֶער דִיא חָכְמָה נִיט לֶערְנִין דֶען דוּא בִּיסְט פִילְקָאם דַארִין. עֶר גִינְג אָפּ מִיט גְרוֹיס שִׂמְחָה. נָאךְ זַיין סְטַאנְצְיֶע :

צוּא מָארְגִינְס פְּרִיא קָאמְט צוּא אִים זַיין בְּרוּדֶער (לוציאן) אוּנ זָאגְט. בְּרוּדֶער. הַיינְט הָאבּ אִיךְ אַגוּטֶען חָלוֹם גִיזֶעהְן. אוּנ דֶער חָלוֹם פְרֵייט מִיךְ זֶעהְר. וָואס אִיז דָאס פְּרֶעגְט נַאפָּאלֶעאָן. עֶר עֶנְפֶערְט מִיר הָאט זִיךְ גִיחָלֶמְט אַז אִיךְ בִּין אֵיין מֶלֶךְ. מִיט גִילֶעכְטֶער עֶנְפֶערְט (נאפאלעאן). נוּן וֶוען אִיךְ בִּין נָאךְ מֵיעהְר גִילֶערִינְט אוּנ קְלוּגֶער וְויא דוּא. דַארְף אִיךְ דָאךְ זַיין קֵייזֶער: נָאר לָאמִיר הֲלוֹמוֹת אָן דִיא זַייט לֵייגִין. אוּנ מִיר זָאלִין אִין נוּצִיגֶע לֶערְנוּנְגֶען אוּנְזֶערִי שְׁטוּנְדִין פַאר בְּרֶענְגֶען. דֶען אָן חָכְמוֹת קֶען מֶען נִיט קֵינִיגֶען :

אִין אֵיינִיגֶע טֶעג נָאךְ דֶעם וְויא עֶר הָאט אָפּ שֵׁייד גִינוּמֶען פוּן פְּרָאפֶעסָאר הָאט עֶר אֵיין קְלֵיינִי סְלוּזְבֶּע גִיקְרִיגִין אִין חַיִל. צוּא זַיין אֵיין לֵייטֶענַאנְט אִין דֶער אַרְטִילֶערְיֶע. נוּן דָא וַואר זַיין שִׂמְחַת זֵייעֶר גְרוֹיס. דֶען זַיין רָצוֹן אִיז עֶרְפִילְט גִיוָוארִין וָואס עֶר הָאט שׁוֹין דַארוֹיף פוּן קִינְדְהֵייט אָן גִיוַוארְט :

אוּנ מֶער דִיא צַייט וְויא עֶר אִיז גִיוֶוען אֵיין לֵייטִינַאנְט אִיז רֶעווֹילִיצְיָאן גִיוָוארִין אִין שְׁטָאט לְיָאן. אוּנ וְויא עֶר אִיז גִישִׁיקְט גִיוָוארִין פוּן זַיין עֶלְצְטִין מִיט הַיל קֵיין (ליאן). אַזוֹי הָאט עֶר נוֹבֵר גִיוֶוען דִיא מוֹרְדִים. אוּנ עֶר הָאט אִין אָרְדְנוּנְג גִיבְּרַאכְט עֶס זָאל שְׁטִיל זַיין :

אִין שְׁטָאט (ליאן) אִיז אִים אַגְרוֹיסִי סִיבָּה גִישֶׁעהְן. דָאס אִיז

ער איז שוין גיוועזן מעהר טויט וויא לעבעדיג. ער האט זיך גיבאדין אין טייך (זאנע) אונ בשעת באדין האט אים אין איין שווינדיל גיפאסט אונ ער איז אין דיא העכסטי טיפעניש פאר טראגין גיווארין. אבער מאן זעהט אז זיין יש"ר האט אים שוין אויך דאמאלס גיהיט. אונ ער האט אים ניט גילאסט צום טויט דער טרונקען ווערין. נור דיא פאלליס האבין אים האלב לעבעדיג ארויס גיווארפין אויף אגרויסין שטיין. אונ פון דער שטעל האט מען אים מציל גיוועזן אונ אין איני פאר טאג איז ער הערגישטעלט גיווארין צו זייני פאריגי גזונדהייט:

פון דער צייט אן וויא ער האט נור דיא שווערד גיפאסט אין זיין האנד צו זיין איין איש חיל. איז שוין באלד גיזעהין גיווארין זיין גבורה. זיין שטארק הערץ. אונ זיין חכמה אונ זיין רעכט פארטיגי ווערק צו יעדערין. אונ יעדער קאמאנדירער אויך יעדירער זעלנער האט אים ליב גיהאט אהבת נפש:

קורץ נאך העך איז גיווארין גרויס רעוואלוציאן אין פאריז. אונ דעם קיניג האבין זייא אום גיבראכט אין מאשין (גילאנטיני) אונ זייני צוויא טעכטער זענין אנטלאפין ווייל דיא שרים זענין ניט גיוועזן צו פרידין מיט זייער קיניג. אונ (נאפאלעאן) מיט זיין חכמה האט גובר גיוועזן אלי מורדים ופושעים. אונ דריבער איז ער ביא דיא צייט ערהויבין גיווארין פון דיא שרי הסענאט. אז ער זאל זיין גענעראל איבער ארטילעריע:

נון וויא ער האט בקאמען ווילין צו טוען וואס ער האט גיוואלט אזויא איז ער וואר וויא אויף אוואלקין גישווינד גילאפין מיט זיין שטארקע מחנה קיין (טולאן). אונ ער האט דארט דיא מלחמה איין גינומען אונ צווייא הונדערט מורדים פון גרויסי שרים זענין גיטייט גיווארין דורך דעם משפט פון סענאט. אונ דיא איבעריגע וואס זענין גערירכטעט גיווארין צום אום ברענגין האט (נאפאלעאן) זייא בשירעמט מיט זיין רחמנות. ער האט זייא בהאלטין אין דיא קיניגליכע ווענין. אונ האט זייא ארויס גישיקט אויס דער שטאט זייא זאלין אנטלויפין:

ויא דיא שרי הסענאט האבין גיזעהן אז ער איז איין איש מצליח האבין זייא אים ווידער נשיקט נאך דיא שטאט (ניצא) אונ דארטין האט ער אמלחמה גיפירט מיט דעם חיל פון עסטרייך אין (סארדינען) אונ ער האט זייא גובר גיוועזן. אונ האט גיפאנגען פון זייא פיר טויזענט מאן אונ זעכציג קאנאהן. נאך דיא מלחמה איז ער שוין זעהר פיל געאכטעט גיווארין ביא סענאט. אונ ביא דיא גאנצע הארמיא זעלניר. אונ צווישין דיא זעלנער איז אימער גירעט גיווארין ארום

(נאפאלעאן) אונ פון זיין חָכְמָה:

קוּרְץ נַאךְ הֶער וִויא (נַאפָּאלֶעאָן) אִיז גְרוֹיס גִיוָוארִין דוּרְךְ דִיא אֵיינִיגֶע מִלְחָמוֹת. הָאט עֶנְגְלַאנְד פִיל שֶׁלֶעכְטְס גִיטוּן צוּ דִיא אֵיין וואוּנֶער פוּן (גֶענוּיא) כְּדֵי זֵייא זָאלִין אוּם פְרֵיינְד וֶוערִין צוּ פְרַאנְקְרֵייךְ. וַוייל דַאמַאלְס אִיז עֶנְגְלַאנְד גִיוֶועזִין שׂוֹנְאִים מִיט (צרפת). וִויא (נאפאלעאן) הָאט דִיזֶע נַאכְרִיכְט גִיהֶערְט. אַזוֹיא הָאט עֶר שׁוֹין נִיט גִירוּהְט. אוּנ עֶר אִיז מִיט זַיין חַיִל וִוינְטֶער צֵייט גִירֵייזְט אִין דִיא עֶרְטֶער וְויא מֶען הָאט גִידַארְפְט אָן גְרֵייטִין שִׁיפִין אוֹיף יַם. אוּנ עֶר הָאט אַלֶעס פַּאר פֶּעסְטִיקְט, אַז צָרְפַת זָאל נִיט מוֹרָא הָאבִּין פַּאר רֶעווֹילִיצְיָאן פוּן (גענויא) אוּנ דָאס הָאט אִים אוֹיךְ מַצְלִיחַ גִיוֶועזְן וִויא צוּם בֶּעסְטִין:

אוּנְטֶער דֶער צֵייט הָאט מֶען אוֹיף אִים מַלְשִׁין גִיוֶועזְן בַּייא סֶענַאט אַז אַלִי תַחְבּוּלוֹת וָואס עֶר הָאט בַּייא (גענויא) גֶעמַאכְט. אִיז נוּר זִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּא נִיטְאַרְקֶען. בִּכְדֵי אַז עֶר זָאל גִינוּג קְרַאפְט הָאבִּין דִיא מְלוּכָה וִוידֶער קֶעהְרִין צוּא זֵייעֶר פַאר יָאגְטִין מֶלֶךְ. אוּנ אֵיין אֶמֶת צֵייכִין הָאבִּין זֵייא דַאבַּייא גִיהַאט. וַוייל עֶר הָאט גִילִיבְּט דֶעם יוּנְגְּסְטִין (רַאבֶּעס פִּיעֶרֶע). אַלְזָא הָאט מֶען אִים בִּכְבָלֵי בַּרְזֶל תָּפוּס גִינוּמֶען. אִין דִיא צַייט אִיז עֶר בְּסַכָּנָה גְדוֹלָה גִיוֶועזִין. וָוארוּם נַיין אוּנ נַיינְצִיג חֲלָקִים אִיז גִוֶועזְן אַז מֶען זָאל אִים הֶענְגֶען:

(רבות מחשבות בלב איש). פִּיל מַחֲשָׁבוֹת הָאט דֶער מֶענְשׁ אָבֶּער וֶוען הַשי״ת אִיז נִיט מַסְכִּים. בְּלַייבְּט זֵייעֶר מַחֲשָׁבָה פַּאר נִיכְט. זֵייא הָאבִּין גִיטְרַאכְט (נאפאלעאן) צוּא הֶענְגֶען אָבֶּער הַשי״ת הָאט גִימַאכְט אֵיין מִישׁוּנְג אוּנ דִיא שׂוֹנְאֵי צָרְפַת זֶענִין אוֹיף אֵיין מָאל אוּם גִירֶעכְט אַיין גִיזַאמִילְט גִיוָוארִין אַזוֹי הָאבִּין דִיא שָׂרֵי הַסֶענַאט אִים לוֹיז גִילָאזְט. אוּנ זַיין עֶרְשְׁטֶע סְלוּשְׁבָּע אִים וִוידֶער גִיגֶעבִּין קָארְפָּאסָאוֶוע גֶענֶערַאל. אוּנ וִויא עֶר אִיז אוֹיף זַיין פֶּערְד דוּרְךְ דִיא גַאסִין דוּרְךְ גְרֵיטִין מִיט זַיין מִילִיטֶער זָא אִיז וִוידֶער שְׁטִיל גִיוָוארִין אוּנ קֵיינֶער הָאט זִיךְ נִיט גִיוַואגְט זַיין הַאנְט צוּם בִּיקְס אוֹיס צוּא שְׁטְרֶעקִין:

חָאטְשֶׁי (נאפאלעאן) הָאט זֵייא דִיא צֵייט גִירַאטֶעוֶועט פוּן טוֹיט פוּן דֶעסְטְוֶועגִין בַּאלְד הָאט דִיא גְרוֹיסִי שָׂרִים עֶס פַּאר דְרָאסִין אוּנ זֵייא הָאבִּין וִוידֶער נִיט גִיגְלוֹבְּט אַז עֶר זָאל זַיין מוֹשֵׁל אַלְס קָארְפָּאסָאוֶוע גֶענֶערַאל. טָאמֶער אִיז דָארְט אֶמֶת וָואס מֶען זָאגְט אוֹיף אִים אַז עֶר אִיז דֶעם פָארִיגִין מֶלֶךְ אַגוּטֶער פְרַיינְד אַזוֹיא הָאבִּין זֵייא זַיין חַיִל גִיגֶעבִּין אוּנְטֶער דִיא קְרַאפְט פוּן גֶענֶערַאל קֶעלֶערְמַאן. אוּנ (נאפאלעאן) הָאבִּין זֵייא גִימַאכְט אַהֶערְשֶׁער אִיבֶּער פוּט גֵייעֶר. נוּן דָאס הָאט אִים זֵייעֶר גִיגְרִימְט. אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ בֶּעטַאנְקְט פוּן דִיא סְלוּשְׁבֶּע אוּנ אִיז נָאךְ פָּארִיז אָפּ גֶערֵייזְט:

דיזע צייט איז דעם (נאפאלעאן) זעהר שלעכט געוועזן ווייל ער איז געוועזן זייער ארום אונ ער האט זיך קיין עצה געקענט געבין. ווי א זיך צוא העלפין אויף זיין הוצאה אזויא האט ער געשריבין צוא זיין גוטין פריינד טאלמא מיט דיא ווערטער ליבער פריינד. מיט מיין גבורה אונ מיט מיין לעבין בין איך געשטאנען פאר דיא שררים פון פראנקרייך אונ איך מיין אז איך האב געקענט גרויס וואונדער בעווייזין. אונ דער אויס געלעהרטער מאן אברי לאזט מיך ניט. אונ מאן לוין איז פיר מיינע סכנות. דאס איך קאן פאר נויט אויס גיין. אלזא בעט איך דיך דוא זאלכט דיך דער מאנין אן אונזער ליבע. אונ זאלכט מיר לייהען געלט וויא פיל דיין קראפט טראגט אויס. איך האפע אז ניט אייביג וועל איך זיין ארום אונ פון דעם ערשטין געלט וואס איך וועל פאר דינען וועל איך דיר מיט דאנק אפ געבין:

ניט לאנג נאך דעם וויא נאפאלעאן האט זיין ס״ו־שבע אב גיזאגט האבין זיך דיא שרי הסענאט ארום געזעהן. אז אן נאפאלאנין זענין זייא וואהר וויא אמענש אן זיין רעכטי האנט. דיא הרמייא וואס מען האט אוועק גנומען פון (נאפאלעאן). אונ געגעבין צוא (קעלערמאן). האבין גיהאט פיל צוא זיפצין אונ צוא יאכצין. דען (קעלערמאן) מיט זיין חיל איז שטארק געשלאגין געווארין פון שונא. אונ דיזער קלאפ האט צוא צימטערט גאנץ צרפת אונ יעדין אין פיל אונרוהע געשטעלט אזויא האבין דיא שרי הסענאט געשיקט אז (נאפאלעאן) זאל קומין פאר זייא. (נאפאלעאן) האט זיך באלד איין גפונען צווישין דיא שרי סענאט אונ מען האט אים גיפרעגט וועגין איין עצה. קורץ אונ גישווינד האט ער זיין עצה גיזאגט אונ אלי שררים האבין מסכים גיוועזין אז זיין עצה איז גוט. וואס עס קען בעסיר ניט זיין נור השי״ת זאל צוא הילף זיין:

אזויא האבין דיא שרי הקאנעווענט געגעבין דיא ממשלת החיל צום גענעראל (באראס) אונ צוא (נאפאלעאן) אונ זייא האבין אים שוין מבטיח געוועזן דאס זייא זאלין ניט הערין אויף אים מסירות אונ וואס ער וועט עצות געבין זאלין דיא שרי סענאט ממלא זיין. דען זונסט האט ער שוין ניט געוואלט אויף זיך מקבל זיין קיין שום השתדלות:

קוים וויא ער איז נאר גענעראל געווארין אזויא האט ער איין גיזאמילט 5 טויזינט זעלניר מיט פערציג קאנאהן אונ ער איז תיכף ארויס צום שטרייט קעגין דיא מורדים אונ ער האט דעם טאג דען 4 טען אקטאבער 1795 פון מארגין ביז נאכט נאך איין אנדער שטרייט גפירט. ביז ער האט דיא מורדים אונטער טעניג גימאכט אונ צום מארגין טאג האט ער נאך גיזוכט דיא שטילע (מורדים ופושעים)

אונ האט אן זייא אנישהווינדין משפט גיטון . אונ אין פאריז איז גאנץ שטיל גיוואָרין אונ אין רוהע גיזעצט גיוואָרין גלייך וויא קיין מאל איז גיוועזען רעוואליציאן :

וויא דיא שרי הסענאט האבין גיזעהן דיא גרויסי הילף וואס עס קומט דורך (נאפאלעאן) האבין זייא אים גימאכט פאר איין העררשער איבער דעם גאנצין חיל וואס קיניגרייך פראנקרייך האט . דאן האט ער אב גשיקט זיין גיבארגטע סומע געלט צוא זיין חבר (פאלמא) מיט איין גרויסין דאנק אונ האט אים אויך ערקונדיגט וויא אין זא איין קורצע צייט איז ער אזויא הויך גרויס גיוואָרין . צוא זיין דער עלסטער גענעראל איבער אלי מיליטער וואס פראנקרייך האט . אונ האט אים אויך צוא גיזאגט אז דיא טובה וועט ער נימאלס פאר געסין :

אונטער דיא צייט . איז אב גיקאמען דיא שרי קאנגעווענט פון זייער סרוזבע . אונ אן שטאט זייא איז גיקוכען דיא ממשלה דירעקטאריום :

צוא דיזע צייט איז (נאפאלעאן) זייער הויך אין סלושבע גיוואָרין אז מען האט אים גיגעבין קיניגליכע גארדע זייא זאלין זיין לעבין היטען אונ קיין שלעכטע טרעפונג צוא אים ניט צוא צוא לאזין :

צוא דער צייט האט ער שון גיהאט גינוג עשירות אונ פיל כבוד אן אשיעור . דאך אבער איז אים דאס ניט איין גיגאנגען . ווייל איהם האט גיפעלט דיא טייערסטע זאך פון דיא וועלט . וואס מען קען דאס ניט קויפין פאר געלט . דאס איז גימיינט דאס גיזונדהייט . דען ער איז גיוועזען קראנק . נון וועט איהר לעזערס באלד הערין וואס זיין קריינקהייט איז גיוועזען . בייא איין מלחמה איז ער גישפאנען לעבין איין קאנאניר וועלכיר האט גיהאט פיל צרעת אויף זיך . אונ וויא דער מאן איז גישאסין גיוואָרין האט (נאפאלעאן) גנומען דיא כלי וואס דער מאן האט גיהאלטין אונ ער האט דיא כלי גניצט אין מלחמה אונ ווייל דיא צרעת איז גיווען איין שעדליכי זאך פאר דעם אנדערין האט (נאפאלעאן) גיקריגין דעם צרעת אויף זיך אונ קיין דאקטער האט אים אין דיא צייט גיקענט העלפין ווייל ער האט זיך קיין פרייהייט גיקענט נעמין צוא זיצין רוהיג אונ פאלגין זייערע עצות . אונ דאס האט ער אויף זיך גיהאט ביז ער איז רוהיג גיוואָרין פון אלי רעוואליציעס . נאך דעם איז ער גיהיילט גיוואָרין . אבער דיא צייט וואס ער האט דעם פעלער גיהאט . האט ער פיל שמערצין געליטין אונ זיין גישטאלט האט אויס גיציינט טויט בלייך . [illegible] איז ניט גיזונד גיוועזין . רעסט וועגין פלעגט ער יעדערין

טאג מיט זיין חיל דורך בייטין אלי נאכין . אוג גוטין ווארטין שפרעכין פאר דיא גמיינדע אונ צוא מאנכי שוועדי רייד וויא זיין שכל האט אים איים גיצייגט . אונ דאמיט האט ער דיא איינוואנער אין ארדנונג גיבראכט . אונ ווייל דיא זעלבי צייט איז גיוועזן אין פאריז גרויס הונגער . מענשין זענין אין דיא גאסין פאר הונגער גיפאלין . האט ער גרויס חסד גיטון . אונ ער פלעגט דיא א־ומע לייט בעפרייען מיט מתנות דאס זייא זאלין קענין זייער לעבין דער האלטין :

איין מאל איז ער גריטין אין גאס . אזויא האט ער גיהערט איין גישרייא אינטער זיך גיב אונז ברויט דער האלט אונז אונזער לעבין . אזויא האט ער זיך גישווינד אום גידרייט מיט זיין פערד . ער זעהט איין פאר זאמלונג פון פרויען . אונ איינע צווישין זייא גייט הערליך גיקליידעט אונ זעהר איין שיין גישטאלט אויך וואר זיא זעהר דיק . פרעגט (נאפאלעאן) צוא דיא פרויא אויך דיר פעלט אן ברויט . זיא ענטפערט יא . אונ זיא שפרעכט איר גרויסע הערין לעבט פאר גענינגען אייך פעלט קיין זאך ניט . אונד מיר פרויען קענין פון הונגער אלי שטארבין :

לאבינדיג אונ מיט שטילע ווערטיר האט (נאפאלעאן) צוא איהר גיענטפערט מיין טאכטער זיהע גיב אכטונג איך עס אלעס בעסטע . אונ איך בין דאר וויא איין האלץ אונ דאצוא ניט גיזונט . אונ דוא האסט קיין ברויט צום עסין . אונ דוא ביסט אזויא דיק אונ שיין . ווען דוא ביסט אן עסין אזויא דיק אונ שיין דארפסטו גאר ניט בעטין וועגין ברויט . דיא פרויא איז פאר שעמט גיווארין . אונד דיא גאנצע געמיינדע זענין גישיידעט גיווארין אונ דיא שטאט פאריז איז גיוועזן בשלום ובשלוה . נימאנד האט אפילו מיט זיין מויל גירעט ניכט נוציגע רייד ווייל זיין מורא איז אויף יעדערין גיפאלין :

אין דיא צייט איז דער גינאנגען גיווארין אויף איין יענעראל אז ער איז גיוועזן אין דיא עצה פון דיא מורדים איז ער גיהארגיט גיווארין אין דער מאשין וואס מען האט זיא גירופין (גאלאנטינע) איר לעזערס וועט אוודאי וועלין וויסין וואס דאס איז . אזויא וועל איך אייך ערקינדיגין אין דיא רעוו׳ לוציע צייט . זענין גיוועזין פיל מענשין וואס מען האט זייא דן גיוועזין . אונ דיא תליינים האבין ניט גיקאנט גישווינד בעווייזען זייערי ארבייט . האט איין קלוגער מאן מיט זיין נאמין (גילאנטי) אויס גיטראכט איין מאשין דאס דער שולדיגער מענש זאל דארין גילייגט ווערין אונ וויא איין אויגין בליק איז זיין קאפ פון אים אפ גישניטין גיווארין . אונ דיא מאשין איז גירופין גיווארין אויף זיין נאמין אונ נאך הער האט (נאפאלעאן) גישיקט מען

זאל

זאל צוא נעמין דיא שווערד וואס דער יענעראל האט גיהאט. דער יענעראל האט גיהאט איין זוהן איין עלף פון פופצען יאהר אלט. אונ ער וואר זייער קלוג. איז ער אוועק צוא (נאפאלעאן) אונ האט אים גיבעטין אז דעם פאטירס שווערד זאל אים גישאנק גיגעבין ווערין. אונ וויל דער קנאבע האט חן גיקריגין ביא (נאפאלעאן). אזוי האט ער זיין בקשה ממלא גיוועזן אונ ער האט אים זעלבסט אוועק גיגעבין. נון איז דער קנאבע מיט פיל שמחה צוא זיין מוטער גיקומין אונ האט דיא מוטער ערקונדיגט דעם חסד פון דעם גרויסין שר (נאפאלעאן). איר וועט באלד לערנען הערין וואס פון דעם שווערדיל איז ארויס גיקומען. דעם קינדס מוטער זאגט. ווען דער גנעדיגער שר האט דעם חסד גיטון מיט זיין זוהן אזויא וועל איך גיין. אונ דאנקען אים. זיא איז הין גיקומען. אבער וויא (נאפאלעאן) האט נור זיין ערשטין בליק אויף איהר גיווארפין. אזויא האט איר גישטאלט איין פונק פייער אין זיין הארץ גיווארפין. אונ ער האט גיטראכט. זאל דיזע פרויא קיין מאן האבין. אזויא נעם איך איר צוא פרויא. ווער ביסטו פרעגט נאפאלעאן. זיא ענטפערט איך בין דיא פרויא פון דעם פערשטארבענין יענעראל באהארנעה אונ איך קאם צוא באנקען דעם גינעדיגין העד פיר דעם חסד וואס ער האט גיטון אז ער האט זיין זוהן באשענקט זיין פאטערס שווערד. קיים האט נור (נאפאלעאן) דער הערט. דאס זיא האט קיין מאן אזויא האט ער זעלבסט איין שטול גישטעלט פאר איר אונ האט מיט איר זעהר גוטע ווארטין גירעט. אונ האט איר באלד אויפין באר גיפרעגט אויב זיא וויל אים נעהמין צום מאן. אונ דער אמת איז. זיא וואר ניט זא זעהר שיין. נור זיא האט אגרויס חן אויף זיך גיהאט אונ איהרע רייד איז זעהר צימליך גיוועזין צוא הערין. אונ עס איז גישעהין דען 8 טען מערץ 1796 האט ער זיא צוא פרויא גינומען כדת וכמשפט איר נאמען וואר (יאזעפינע). אונ איר משפחה זענין גיוועזין דיא גדולי פאריז:

נון שלום איז שוין אין צרפת אבער יעדערין איז זייער שלעכט וויל דרייא חכמים מענשין זענין בבלות גיווארין. אז קיינער קען גישעפט פירין. אזויא האבין דיא שרי הסענאט גיבארגט יעדערין פאר ארימטין מאן געלט. פון דיא גיטער וואס עס איז אן גיקומען צום קיניגרייך פון דיא מורדים ופושעים. אונ דורך דעם האבין מענשין גיקאנט זייער קאפ אויף הייבין צום עסק פירין. אונ יעדער פרייט זיך מיט דעם שלום. וויא אויף אלס דאס גוטס:

אך לייַדער אין צרפת איז שוין שלום. וויל מען האט מורא

פאר

פֿאר נַאפָּאלְאָנְס שְׁווֶערְד . אָבֶּער דִיא מְלָכִים וָואס גְרֶענְעֶצִין זִיךְ מִיט צָרְפַת . זָאגִין עֶס זָאל קֵיין שָׁלוֹם זַיין . קֵייזֶער עֶסְטְרַייךְ . אונ מֶלֶךְ (סארדיניע) מַאכִין זִיךְ גְרֵייט צוּ גֵיין אויף שְׁטְרֵייט אויף צָרְפַת . אַזוֹיא הָאבִּין (שׂרי הדירעקטאריום) גיאַיילְט זִיךְ צוּא פֶּעסְטִיגִין קֵייגִין דֶעם גְרוֹיסִין חַיִל וָואס זֶענִין גְרֵייט אויף צָרְפַת . אונ עֶס אִיז אויס דֶער ווַיילְט גיוָוארִין דְרַייא גִבּוֹרֵי מִלְחָמָה צוּא דִיא שְׁטְרֵייט . (נאפאלעאן) . אונ (כאראה) . אונ (יורדאן) . אונ צוּא דִיזֶע צַייט הָאבִּין דִיא (שׂרי הסענאט) גִיקְרִיגִין בְּרִיף פוּן דִיא שָׂרֵי הַחַיִל . אַז דֶער חַיִל צָרְפַת שְׁטֵייט אִין אַשְׁלֶעכְטֶען שְׁטַאנְד . דָאס אִיז זֵייא זֶענִין פַאר הוּנְגֶערְט אַז זֵייא הָאבִּין שׁוֹין קֵיין כֹּחַ אַשְׁווֶערְד צוּא נֶעמִין אִין הַאנְט . אוּנ יֶעדְער גֵייט אָפּ גְרִיסִין . אוּנ דָאס מֶערְסְטֶע גֵיין נָאר בָּארְפוּס . ווַייל זֵייא הָאבִּין אַלַאנְגֶע צַייט זֵייעֶר פֶּענְסִיֶע נִיט גִיקְרִיגִין . אוּנ דִיא זֶעלְנֶער צֶערְנִין זֵייעֶר פִיל אויף זֵייעֶרֶי עֶלְצְטֶע . וִויא זֵייא הָאבִּין דִיא שְׁלֶעכְטִי בְּשׂוֹרָה גִיהֶערְט אִיז וָואר זֵייעֶר הַארְץ צוּא גִיגַאנְגֶען אויף וַואסֶער . פוּן גְרוֹיס שְׁמַארְץ . קֵיין יֶענֶערַאל הָאט זִיךְ גִיוָואוּגִין צוּא גֵיין צוּא דִיזֶען פוּלְק . ווַייל זֵייא הָאבִּין מוֹרָא גִיהַאט אַז זֵייא זָאלִין נִיט גִישָׁאסִין וֶוערִין פוּן דִיא זֶעלְנֶער . אוּנ ווִידֶער ווִיא קֶען מֶען אַזֶעלְכֵי פַאר הוּנְגֶערְטֶע מֶענְשִׁין נֶעמִין צוּא אַוֶוייטֶע מִלְחָמָה אָבֶּער (נאפאלעאן) הָאט גִיזָאגְט וֶוען אִיהְר ווִילְט זִיךְ נִיט גִיוָואוּגִין צוּא גֵיין מִיט דִיזִין פוּלְק צוּם שְׁטְרֵייט . נוּן וֶועל אִיךְ גֵיין :

וִויא (נאפאלעאן) אִיז אַהִין גִיקוּמִין אַזוֹיא אִיז שׁוֹין גִיוָוארִין אֵיין שִׂמְחָה אויף דִיא שָׂרֵי הַחַיִל . אוּנ אויף יֶעדֶערִין זֶעלְנֶער . גְלַייךְ וִויא זֵייא וָואלְטִין דֶעם מֶלֶךְ דֶער זֶעהְן אוּנ (נאפאלעאן) הָאט זֵייא בַּאלְד גִימֵיילְט עֶטְוָואס גֶעלְט . זֵייא זָאלִין הָאבִּין צוּא קוֹיפִין וָואס זֶעהְר נֵייטִיג אִיז צוּם לֶעבִּינְס מִיטִיל . אוּנ גֶעלְט אויף הָאבֶּער פַאר דִיא פַאר הוּנְגֶערְטֶע פֶערְד :

מָאַרְגֶענְס פְּרִיא אִיז (נאפאלעאן) גְרִיטִין אויף זַיין פֶערְד צְווִישִׁין זַיינֶע פוּלְקִין זֶעלְנִיר אוּנ הָאט זַיינֶע ווֶערְטֶער מִיט אֵיין שְׁטִים גִיזָאגְט מַיינֵי זֶעלְנֶער . וָואס אִיךְ לִיבּ אַייךְ וִויא קִינְדֶער . אִיךְ זֶעה מִיט אוֹיפֶּענִי אוֹיגִין אַייעֶר שְׁלֶעכְטִין שְׁטַאנְד . אִיר זַייט פַאר הוּנְגֶערְט אוּנ נַאקֶעט אוּנ בָּארְפוּס . אוּנ דִיא פֶערְד זֶענִין אוֹיךְ פַאר הוּנְגֶערְט . אַז זֵייא קֶענִין גָאר נִיט גֵיין . גָאט אִיז מַיין עֵדוּת אַז אִיךְ בִּין נִיט אַזוֹיא רַייךְ אִיצְט . אַז אִיךְ זָאל אַייעֶר שְׁלֶעכְטִין שְׁטַאנְד אִין אָרְדֶענוּנְג בְּרֶענְגֶען . אוּנ דֶער אוֹצַר הַמְלוּכָה אִיז אוֹיךְ זֵייעֶר פַאר אָרֶעמְט . נוּר אִיךְ בִּין גְרֵייט אַייךְ צוּא בְּרֶענְגִין אִין אַזוֹיא אַלַאנְד . וָואס דָארְטִין וֶועט אִיר אַלֶעס גוּטְס בְּקוּמֶען . אוּנ אַייעֶר נָאמִין וֶועט גִיהֶערְט וֶוערִין

אִין

אין דער גאנצי וועלט לכבוד ולתפארת. נור פילייכט איז דא צווישין דעם חיל. אזעלכע מענשין וואס האבין שוואכי הערציר. וואס קענין זיך ניט וואגין צוא גיין אין דיא שטרייט. אזויא ערלויבע איך דאס דיא לייט זאלין גיין אהיים. אונ איך מיט נאך אזעלכי שטארקי הערציר וועלין גין צוא שאפין זיך אגרויסין נאמין:

ליבע לעזירם. אזויא וויא פולוועער דער שמעקט פייער צינדעט עס אן. אזויא אויך האט דיזע ווערטיר אן גצונדין דיא גידאנקען פון דיא פאר ארעמטי זעלנער. אונ זייא האבין אלע איין שטימונג גיזאגט. מיר זענין אלי גרייט מיט דיר צוא גיין. אונ צוא פאלגין דיין באפעהל. צום טויט אוידער צום לעבין:

(נאפאלעאן האט זייא בעדאנקט ו אונ גייט אין זיין קאנצעלייע אונ שרייבט אבריף צוא דיא (שרי דירעקטאריום) דיא קורצע ווערטער פיל מער וויא איר האט פריער גיהערט דעם שלעכטין צוא שטאנד פון דיא זעלנער. האב איך זייא איצט געפונען איך בין ערפאהרען זייערי גדאנקען אז זייא האבין גיוואלט מורד זיין אן (צרפת). נור איך האף אז זייא זאין דאך ממלא זיין מיין רצון. בלייבט אלי געזונט. איך שטייא שוין ארויס צוא גיין מיט מייני זעלנער צום שטרייט:

דיא הצלחה איז אים זעהר גוט גישטאנען. אז וואס ער האט זיך גיקערט צום שטרייט האט ער אלעם איין גענומען. אונ האט כמה פעסטונגען חרוב מוחרב געמאכט. אונ וואר פאר זיין נאמען האט מען אויך געציטערט:

נאך דיא פערצין טעג וואס ער האט מלחמה געפירט אונ ער האט זעקס גרויסע מלחמות מנצח גיוועזן דא האט ער געזאגט צוא זיינע זעלנער איין גישפרעך:

חילי. מיין חיל. פיל פעסטונגען האט איר צום גרונד פאר וויסט. פופציג טויזינד פון אייערי שונאים האט איר מיט אייער שווערד געהארגיט. צעהן טויזינד האט איר צוא וואונדעט. פופציג קאנאנען האט איר פון דיא שונאים אפ גנומען. איר זייט איצט גוט באקלייט. עס פעלט אייך גאר ניט. אונ פון אונזערי לייט איז זעהר ווייניג געפאלין אונזערי שונאים וואס זייא האבין פון אונז גילאכט. שעמין זיך איצט פאר אונז וויא דיא גנבים. נור איר דארפט וויסין זיין אז מיר האבין גינוג וואס צוא טוען. נון פילייכט וויל ווער פון אייך אהיים גיין. מאך איך פרייא. ווארום דורך דיא שוואכע הערצער. ווערין אויך דיא שטארקע שוואך. דען וויא וועלין מיר נאך הער אונזער קאפ קענין אויף הייבין קעגין דיא שרי הסענאט. אונ ווען

איר

זיר וועט יוא מרוצה. יעצט פאר דאנג איך פון אייך אז איר זאלט מיר צוא שווערין. אז איר זאלט בהמנות האבין אויף דיא מענשין וואס מיר וועלין הין גיין. אז אן שולדיקייט. זאלט איר ניט ראבעווען אונ ניט גזלען. אונ אפשיטא קיין אום שולדיגען צוא טייטען. איר זאלט זיך ניט באגיין וויא מערדער. אונ איר דארפט אויף זיך מקבל זיין. אז ווער עס וועט עובר זיין אויף דיא שבועה זאל גימייט ווערין. צוא גוטי פריינד. וועלכי ווילין אונזער שלום. דארפען מיר גוט זיין. נור אונזערע שונאים זאלין מיר מכניע זיין:

אלע זעלנער האבין גענקניט אונ געשוואורען אז זייא זאלין זיין באפהל היטין:

דער קעניג פון (סארדיניע) האט גיזעהן אז ער קען ניט בעשטיין קעגען (נאפאלעאן) אזויא האט ער ממלא געוועזן זיין רצון. אונ האט מיט אים שלום גימאכט. אונ (נאפאלעאן) האט אוועק געשיקט דעם (ספר השלום) דורך דעם גרויסען יענעראל (מיראט) קיין פאריז ׀ אונ צווישין דיא (שרי סענאט) איז גיוואורין (שמחה וששון) אונ זייא האבין געלויבט דיא מלחמות מיט דיא ווערטער ׀ (נאפאלעאן) האט אין איין מאנהייט אום געפירט פיל מעהר וויא אנדערע יעדניראלין אין דרייא יאהר:

קייזער עסטרייך האט אבער גיזאגט. איך פירכטע מיך גאר ניט פאר דעם יענעראל באנאפארטע. אונ ער האט אים גירופען צום שטרייט. (נאפאלעאן) האט זיך אבער גאר ניט גישראקין פאר דיא גרויסי פאר זאמלונג פון היל עסטרייך אונ ער איז גיגאנגען צום שטרייט. אונ ער האט גובר גיוועזן דאס היל עסטרייך. אין דער געגענד וויא נאפאלעאנס היל האבין גערוהט. זענין דיא לייט געניטיגט געוועזן צוא בעטען שלום. אונ זייא האבין אים צום מתנה געגעבין צווייא מיליאן טאליר. זעכצין הונדערט פערד. פיל קליידער פאר דיא זעלנער אונ פיל שפייז פאר זיין היל. אונ שפיטאלין געמאכט פאר זיינע זעלנער. אונ (נאפאלעאן) האט מיט זייא שלום געמאכט. אונ האט שוין דעם געגענד צוא (צרפת) גענומען. גאר אין איין קורצע צייט איז דיא גאנצי מדינה מיילאנד פאר אים געפינט געווארין. אונ דיא גאנצע מדינה האבין אים מקבל געוועזן מיט גרויס שמחה:

וויא דיא נאך ריכט איז געקומען קיין פאריז. איז דאס ביי זייא צום וואונדער געוועזן. זיין גרויסי הצלחה. אונ אז דיא (שרי הסענאט) האבין צוא אים זייער רעה געשריבין אז זייא מיינען צוא אים צוא שיקען נאך איין יענעראל. האט ער זייא געענטפערט. אייער ווילין קען איך ניט ער פילין וואריום אייער עצה טויג ניט. נור אז

אִיר וִוילְט דַוְקָא אַייֶער עֵצָה זָאל עֶר פִילְט וֶוערִין . זָאג אִיךְ אָפּ דִיא
כְּלוּשְׁבֶּע . אוּנ אִיר שִׁיקְט אוֹיף מַיין שְׁטֶעל אֵיין אַנְדֶערִין . אִיךְ וִויל
נִיט אַז אִיךְ זָאל הָאבִּין (אַסַכָּה בְּצִידִי) דָאס הֵייסְט נָאךְ אַיֶענִירַאל
בַּייא מַיין פוֹלְק . וָוארוּם וָואס אִיךְ וֶועל זָאגִין יוֹא . וֶועט עֶר מִן
הַכְּתָם זָאגִין נֵיין . דִיא (שָׂרֵי הסענאט) זֶענִין גֶענֵייט גֶעוֶועזִין מְמַלֵא
זַיין זַיין רָצוֹן הָאטְשִׁי שֶׁלֹא בִּרְצוֹנָם :

נַאךְ הֶער וִויא עֶר אִיז גֶעוֶוען זֶעקְס טֶעג אִין מֵיילַאנְד הָאט
עֶר גֶעמַאכְט צִינְז צָאלוּנְג צְוַואנְצִיג מִילְיָאן פְרַאנְק . אוּנ דָאס צָאלוּנְג
אִיז גֶעוֶוען מִיט גְנָאד אוּנ חָכְמָה . דֶען דֶער צָאלוּנְג אִיז נוּר גֶעוֶועזְ
פוּן דִיא נְגִידִים אוּנ פוּן גֵייסְטְלִיכֶע . אוּנ קֵיין אָרוּמַאן זָאל נִיט גֶעבִּין
דֶער צוּא . דֶער מִיט הָאט עֶר זִיךְ פִיל לִיבִּי צוּא גֶעצוֹיגִין פוּן (המון
עם) אוּנ עֶר וָואר אִין דִיא מְדִינָה צוּא אֵיין בֶּענְשׁוּנְג :

דְרַייא הוּנְדֶערְט מַאן פְרַאנְצוֹיזֶען זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אִין שְׁטָאט
פַּאוִויָא . אוּנ וַוייל זֵייא הָאבִּין גֶעמֵיינְט אַז דִיא אַיינְוואוֹנֶער זֶענֶען
מִיט זֵייא שָׁלוֹם . הָאבִּין זֵייא זִיךְ נִיט גֶעהִיט אַזוֹיא זֶענֶען
דִיא אֵיין וואוֹנֶער בֶּעפַאלִין אוֹיף דִיא זֶעלְנֶער אוּנ הָאבִּין אֵיינִיגֶע
פְרַאנְצוֹיזִין אוּיס גֶעשָׁאכְטִין . נוּן דִיא מַעֲשֶׂה הָאט עֶר וֶועקְט דֶעם כַּעַס
פוּן (נאפּאלעאן) . אוּנ עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט אֵיין פוֹלְקָאוְונִיק מִיט פוּפְצֶעהְן
הוּנְדֶערְט מַאן . אוּנ מֶען הָאט דִיא שְׁטָאט פִיר וִוייסְט בִּיזֶען גְרוּנְט .
דְרַייסִיג טוֹיזִינְד אַיינְוואוֹנֶער זֶענֶען גֶעוֶוען בַּאלָאדִין מִיט כְּלֵי מִלְחָמָה .
אוּנ זַיינֶע פוּפְצֶעהְן הוּנְדֶערְט הָאבִּין דָאךְ גוֹבֵר גֶעוֶוען . אוּנ דִיא
שְׁטָאט אִיז מִיט פַייֶער אַוֶועק . דִיא הֵייזֶער מִיט דִיא מֶענְשִׁין מִיט
זֵייעֶר פַאר מֶעגִין . אוּנ דֶער נָאךְ הָאט עֶר דִיא מְדִינָה בֶּעשְׁטְרָאפְט
מִיט נָאךְ אֵיין צִינְז זֶעקְס מִילְיָאן פְרַאנְק . אוּנ פִיל גְרוֹיסִי שְׂרָרִים
הָאט עֶר אֵיין מַשְׁכּוֹן גֶענוּמֶען אוּנ הָאט זֵייא גֶעשִׁיקְט קֵיין פַּארִיז .
דָאס הֵייסְט אַז דִיא מְדִינָה וֶועט וִוידֶער מוֹרֵד זַיין . זָאלִין דִיא שְׂרָרִים
גֶעהָאנְגֶען וֶוערִין . אוּנ דִיא דְרַייא הוּנְדֶערְט זֶעלְנֶער וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזְ
אִין פַּאוִויֶע . הָאט (נאפּאלעאן) גֶעזוּדֶעלְט . וָוארוּם זֵייא הָאבִּין נִיט
גוּט נָאךְ גֶעזֶעהְן עֶס זָאל זִיךְ נִיט אֵיין זַאמְלֶען אַזוֹיא פִיל לַייט אוּנ
זֵייעֶר קָאמַאנְדִיר הָאט עֶר גֶעהֵייסִין שִׁיסִין . דֶען עֶר אִיז גֶעוֶוען בֶּעקוֹיפְט
פוּן דִיא אִיטַאלְיֶענֶער :

אוּנְטֶער דִיא צַייט אִיז (נאפּאלעאן) וַוייטֶער גֶעגַאנְגֶען צוּא
שְׁטְרֵייט קֶעגֶען דֶעם חַיִל עֶסְטְרַייךְ אוּנ וַוייל אִים הָאט אוּיס גֶעוְויזֶען .
אַז עֶסְטְרַייכֶער יֶענֶערַאל וֶועט אַזוֹיא גֶעשְׁווִינְד נִיט קוּמֶען צוּא דֶעם
שְׁטֶעל . אַזוֹיא הָאט עֶר גִיהֵייסֶען זַיינִי זֶעלְנֶער צוּא רוּהֶען . אוּנ וַוייל
עֶר הָאט גִיהַאט קָאפּ שְׁמֶערְצִין הָאט עֶר זִיךְ גִיבָּאדִין אִין אֵיין

וואַרעמע

וַוארֶעמֶע וַואנֶע ׃ אִין דֶעם הָאט זַיין פִּיקֶעט אוים גֶעשָׁאסִין . אַז עֶסְטְרַייכֶער זֶענֶען בֶּעפָאלִין צוּא נֶעמֶען אִין גֶעפֶענְקְנִיש (נאפאלעאן) מִיט זַיין חַיִל . (נאפאלעאן) הָאט קוים גֶעקֶענְט אַיין שׁוּךְ אָן טוּעְן אונ דֶער אַנְדֶער פוּס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען בָּארְפוּס . אונ אִיז אַזוֹיא אַרוים גֶעלָאפֶען אונ הָאט גֶעשְׁרִיגֶען צוּא דִיא זֶעלְנֶער דָאס גֶעוֶוער צוּא נֶעמֶען אונ לוֹיפֶען אויף דֶער בְּרִיק צוּא שְׁטֵיין פוּן יֶענֶער זַייט טַייךְ אונ עֶר זֶעלְבְּסְט אִיז דוּרְךְ גֶעלָאפֶען דוּרְךְ אַיין בוֹים גָארְטֶען אונ הָאט זִיךְ אַרַיין גֶעדְרֵייט צְווִישִׁין זַיין פוֹלְק . אונ אַלֶע זֶענֶען נִיצוֹל גֶעוָוארִין . אונ גֶעשְׁווִינְד אִיז דִיא מִלְחָמָה גֶעהֶערְט גִיוָוארִין אונ עֶר הָאט דִיא מִלְחָמָה מְנַצֵחַ גִיוֶועןְ גָאר מִיט וֵויינִיג מֶענְשִׁין . אונ נַאךְ הֶער הָאט עֶר גְרוֹיסִי צִינְזִין גִימַאכְט אויף דִיא מְדִינָה דֶען עֶר הָאט גִיווִיסְט דָאס דִיא מְדִינָה לַייט הָאבִּין בִּשְׁתִיקָה גִיבְּרַאכְט דֶעם עֶסְטְרַייכֶער יֶענִירַאל עֶר זָאל אִים גֶעפַאנְגֶען נֶעמֶען . אונ פִיל שְׂרָרִים הָאט עֶר גֶעלָאסְט אוּם בְּרֶענְגֶען . דֶער כְּלַל אִיז זֵייא הָאבִּין זִיךְ אוּנְטֶער טֶענִיג גֶעמַאכְט פַאר גֶעוַואלְט . וַוייל זֵייא הָאבִּין גִיזֶעהֶען אַז זַיין הַצְלָחָה אִיז אָן אַשִׁיעוּר . אונ אִים נֶעמְט נִיט קֵיין חָכְמָה . קֵיין גְבוּרָה . קֵיין רַמָאוּת . אויךְ קֵיין קוֹיל :

אוּנְטֶער דִיא צַייט הָאט (נאפאלעאן) גֶעשִׁיקְט דֶעם יֶענִירַאל (הוֹלֶע) נָאךְ וֶוענֶעדִיג צוּא בֶּעשְׁטְרָאפֶען זֵייא פַאר זֵייעֶר רֶעוָואלוּצְיָאן קֶעגִין אִים . אונ דֶער יֶענֶערַאל הָאט פִיל שְׂרָרִים אוּם גִיבְּרַאכְט . אונ הָאט פַאר בְּרֶענְנְט (בּוּבע הדאגע) דָאס הֵייסְט זֵייעֶר מוֹשֵׁל . עֶר טְרָאגְט אויף זִיךְ אַהִיטֶעל וָואס זִיא אִיז פוּל מִיט דִימַאנְטֶען . וָואס זִיא קָאסְט מִילָאנֶען גָאלְד . אונ דָאס גֶערִיהְמְטֶע פֶערְד וָואס עֶס הָאט זִיךְ גִירוּפִין קַארוּזְמֶע . נָאךְ אַזֶעלְכֶע אִיז נִיט דָא אויף דֶער עֶרְד . הָאט עֶר גִינוּמֶען אונ הָאט אִים גֶעשִׁיקְט קֵיין פַּארִיז . אונ זֵייעֶרִי שִׁיפִין הָאט עֶר אַוֶועק גִינוּמֶען אונ הָאט זֵייא בִּיז צוּם גְרוּנְד אוּנְטֶער גִיבְּרַאכְט . לִיבֶּע לֶעזֶערְס אִיר בַּארְפְט וִויסִין צוּא חֶסֶד אִיז עֶר גִיוֶוען גֶענֶעדִיג . אָבֶּער קֶעגִין דִיא וָואס הָאבִּין גִיבְּרָאכֶען זֵייעֶר שְׁבוּעָה . הָאט עֶר גִיהַאט אַיין גְרוֹים זַאמֶען הַארְץ וִויא אַלֵייבּ אָן רַחֲמָנוּת :

דֶער קֵייזֶער עֶסְטְרַייךְ הָאט שָׁלוֹם גִימַאכְט מִיט דֶעם גִבּוֹר מִלְחָמָה (נאפאלעאן) . אונ אִיטַאלְיֶע אִיז גִיוָוארֶען צוּא (צרפת) . אונ דָאס וֶוערְט גִירוּפֶען שָׁלוֹם (כַּאמְפַּא פַּארְמַא) :

מִיט גְרוֹים וְואוּנְדֶער הָאבִּין אַלִי שָׂרֵי אַרָאפְּיֶע גִיקוּקְט אויף דֶעם 27 יָאהְרִיגֶען גִבּוֹר מִלְחָמָה אונ 19 חֳדָשִׁים הָאט עֶר צָרְפַת גֶעשְׁטִילְט אונ פוּן קֵייזֶער עֶסְטְרַייךְ הָאט עֶר מִיט גְבוּרָה אַוֶועק גִינוּמֶען מְדִינַת אִיטַאלְיֶע . אונ (צרפת) הָאט עֶר גְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט מִיט נָאכְד

און זילבער און אבנים טובות און מיט כלי מלחמה און די שטארקסטי ארמייא זעלנער האט ער אויס גילייגט וויא שמרויא. די גרעסטי לייט פון איירעפע. קייזער אשכנז און דעם פאפס פון רוים. און דער קינינ פון (סארדיניא) און קיניג פון (נעאפל) זענען וואס זייא האבין צוא אים געשריבען ווארום ווען ער וואלט זייא געפאלגט וואלט שוין קיין זכר גיוועזן פון (צרפת). אינ פון דעם וועגען האט ער אלי איבער גיקומען. נון זעהט מען דאס ער איז גיוועזן פיל פאר שידין אין זיין נאטור פון אנדערי מענשין. דאס הייסט ער איז גיבארען גיווארין מיט אזויא איין שטארק הארץ:

נון איז (נאפאלעאן) גיקומען בכבוד ובנחת קיין פאריז. און האט וויינינ צייט גערוהט אין נחת און אין כבוד:

~~~~~~~~~~

## מלחמת מצרים וסוריא

נון האט (נאפאלעאן) גילעבט בכבוד גדול. און פון קלענסטין ביז צום גרעסטין שררה האבין אלי מורא גיהאט פאר אים. און האטשי די (שרי סענעט) האבין אים דעם גרעסטין כבוד גיוואלט געבין. און זייא האבין אים גישענקט צוא מתנה איין וואונדער בארין פאלאץ. דעם וועגין האט ער כמאס גיוועזן און זייני גידאנקען ווארען גאנץ אנדערש. נור וויא דעם העכסטין שונא פון צרפת אונטער צוא ברענגען. דאס איז ענגלאנד. וויא ער האט דאס ענטדעקט צוא די גרעסטי לייט פון סינאט אז ער וויל גיין אויף שטרייט צוא ענגלאנד. האבין זייא זיך שטילער הייט געפרייט. און האבין אים דער צוא נאך פיל צוא גירעט ווייל זייער שנאה אין הארצען איז גיוועזן זייער פיל אויף (נאפאלעאן). ווארום זייא האבין זיך שטארק מקנא גיוועזן. אז איין פראסטער מענש זאל אין אזויא קורצע צייט דער הויבין ווערין. אבער ווייל זייא האבין דאך גידארפט זיין הצלחה. האבין זייא מיט אים גירעט (אחת בפה ואחת בלב) דאס הייסט מיט דעם מויל האבין זייא אים גיליבט און אין הארצין האבין זייא געגלוסט זיין בלוט צוא זעהען. דרום אלעס וואס ער האט גיבעטין פון די (שרי סענאט) איז אים גיגעבין גיווארין. דען זייא האבין גיטראכט אז ער וועט געווים גהרג'ט ווערין אין די מלחמה. וועלין זייא פון אים לויז ווערין:
~~~~~~~~~~

דאס איז ליכט צוא פאר שטיין . אז זייא האבן אים געוואלט אב זאגין פון דער רושבע . אבער זייא האבן מורא געהאט ווייל דאס גאנצע חיל האלטין פאר אים . אונ זייא זענין זיך מקרב צוא טוען זיין באפעהל . אונ בייא דיזער צייט . איז זיין באפעהל געווען איבער דעם גאנצען חיל צרפת . אונ וויא די גרעסטע שרים האבין אים אין הארצען פיינט געהאט וועגין גרויס קנאה . אזויא האבין די וועלכער מיט די קאמאנדירערס אים ליב געהאט . אונ אלעס וואס ער האט געדארפט צוא די פירכטערליכע מלחמה . איז געשאפט געווארין אן מניעות אונ אן פערזאמונג :

ליבע לעזערס איך וועל אייך בייא אן פאנג געשיכטע ערקינדיגען זיינע געדאנקען ווארום ער האט דיין רייזע גימאכט קיין מצרים . דען ער האט געטראכט . אזויא וויא באלד ער וועט איין נעמען מצרים . וועט אים נאך הער זעהר לייכט זיין איין צוא נעמען ענגלאנד . אבער פון פאריז צוא גיין קיין ענגלאנד צוא שטרייט וואר אים אום מיגליך דען ענגלאנד איז דאמאלס פיל שטארקער גיוועזין אלעס צרפת :

ווער עס האט איין ידיעה דארין . דארף זיך באמת זייער פיל וואונדערין וויא אזויא נאפאלעאן האט זיך וועלכע פריהייט גינומען צוא גיין מיט זיינע שיפען אויף דעם וועלבען געגענד אויף דעם ים . וואו דער גבור נעלזאן שטייט . אונ ווידער קען מען פאר שטיין וויא גרויס די שנאה פון סענאט איז גיוועזן אז זייא האבין גיוואלט אזויא פיל שיפין מיט מענשין אונ אזויא אגרויס פער מעגען זאל פון נעלזאן צום שטראנד גיין . כדי דער איינציגער מענש נאפאלעאן זאל דערטרונקען ווערען . דען די שרי הדירעקטאריום האבין פאר געוויס געהאלטין אז דער גרויסער גבור נעלזאן פון ענגעלאנד וועט פראנקרייכער שיפין פערדארבען . אזוי געשווינד וויא אגרויסער פיש שלונגט איין דעם קליינעם פיש . אבער ווער האט אים דאך געשיקט . די הצלחה האט אים געשיקט . אונ ווער האט אים דאך געהיט . נור השי"ת :

אזוי איז נאפאלאן מיט זיינע זעלנער אויף זיינע שיפין אב גערייזט צו וואסער . אונ דארויף איז געווען הונדערט אונ ניינציג קאנאהן . מיט אלעם וואס מען בארף דער צו .

דאס דארפט איהר ליבע לעזערס וויסען אז די שרי הדירעקטאריום האבען נית געוואוסט גרונטליך אז ער מיינט נאך ענגיפטין אויף שטרייט דען פאר די שרי סענאט האט ער נור געזאגט אז ער גייט גלייך נאך ענגלאנד קעגען נעלזאן . אונ דרום האבען זייא

אים גישיקט כדי ער זאל אונטער גיין . נור צוא דעם מיניסטער טאלעראנד אונ נאך זיין גלייכין האט ער דעם אמת מגלה גיוועזן .

וויא זיין הערמייע זענען ביים בארטין פון ים גיקומין אין דיא פלאטעס העריין צוא גיין האט ער זיך גיזעצט אויף זיין פערד אונ דורך געריטען דורך דיא פולקען זעלנער אונ האט פאר זייא אגעשפרעך גיזאגט . מיינע טרייע זעלנער . אייער טרייאהייט אונ שטארק הערץ קענען אונזערע פיינט איז מיר שוין באוואוסט . דען איר האט פיל פעסטונגען אונ פיל מלכים גובר גיוועזן . דיא אורזאך איז וויל איר זענט טרייא איינער צום אנדערין . אונ איך האף אז איר זאלט נאך ווייטער גרעסערס בעווייזין פאר אייך . אונ פאר צרפת כדי אז צוא אייער עלטער זאלט איר האבין אייער חיוני אן דאגה אונ אן מיה :

מיר רייזען יעצט צוא וואסער מיט צווייא הונדערט שיפין . אונ דאס איז באוואוסט אז דיא סכנה פון ים . איז טאפעל וויא אויף יבשה נון טאמער זענען דא צווישין אייך ווייכע הערצער . ערלויבע איך דיזע אהיים צוא גיין . צוא דיזע ווערטער האבין אלע געקגיט אונ האבין געענפערט הן למות הן לחיים זענען מיר דיינע קנעכט אונ ליב האבער . הערר באנעפארטע זאל לעבין :

אונ אלע גרימטע גבורי החיל פון צרפת זענען מיט אים מיט גיגאנגען כדי צוא זעהן זיינע וואונדער אונ גבורה . אויך פיל חכמים זענען מיט אים מיט גצויגין כדי צוא ער קלערין דיא איין ריכטונג פון מצרים :

דעם נ' ינצמין יוני זענען אלע שיפין געקומען פאר דער אינזעל מאלטא בשלום וייל נעלזאן האט ניט גיקענט יוסין דעם געגענט וויא נאפאלעאן גייט . אזויא האט נאפאלעאן אריין גישיקט צום מושל איין שליח צוא בעטין אים ערלויבעניש אז ער זאל מעגין זייע שיפין צוא ברענגען ביים בארטין אום צוא קויפין וואסער אונ שפייז . דער שר האט אבער געענפערט . אז דער גזעץ ערלויבט ניט אריין צוא לאזין אזויא פיל שיפין מיט חיל בייא דער אינזעל . דא אבער וייל נאפאלעאן האט גוויסט . אז דער גבור ענגלאנד נעלזאן זוכט אים . אזויא האט ער ניט גיפרעגט אויף דעם ענפער פון שר . אונ איז כיט גיוואלט צוא גיקומען צום בארטען מיט זיינע שיפין . אונ האט גובר גיוועזן דיא גבורי מאלטע אונ דער שר העיר האט אים איבער געענפערט דיא גאנצע אינזעל מיט זייערע זכיות . עס זאל איבינג זיין צוא צרפת . אונ באלד האט נאפאלעאן גימאכט מושלים פון אנשי צרפת אונ האט פאריז בייך גימאכט . אונ אין זעקס

טָאג הָאט עֶר אַלֶעס אִין אָרְדְענוּנְג גִיבְּרַאכְט. גְלַייךְ וִויא דָאס וָאלְט גִיוֶועזֶען צרפת פוּן פִּיל יָאהְר:

וִויא דֶער גַאנְצֶער הַיִל זֶענֶען גִיוֶועזִין גְרֵייט וַייטֶער צוּא רֵייזֶען. הָאט עֶר פַאר דִיא זֶעלְנֶער מוּכָר גִיזָאגְט מִיט דִיא וֶוערְטֶער. בְּנֵי דַהַיִל מִיר וֶועלִין קוּמֶען אִין אַזוֹיא אַלַאנְד וָואס זֵייעֶר אֱמוּנָה אִיז פַאר שִׁידֶען פוּן אוּנְזֶער אֱמוּנָה. דָאס אִיז אֱמוּנַת מחמד. אוּנ זֵייא הָאבִּין גָאר אַנְדֶערִי מִנְהָגִים. אִיר וֶועט וִוידֶער דָארְטִין זֶעהְן. אַז דִיא פְּרוֹיעֶן זֶענִין דִינְסְטִין פַאר זֵייעֶרֶע מַאנֶען. וֶועט אִיר אֶפְשַׁר אָפּ לַאכִין פוּן זֵייא. דְרוּם בִּין אִיךְ אַייךְ מַזְהִיר מִיט אַגְרוֹיס אַזְהָרָה. אַז אִיר זָאלְט נִיט לַאכִין פוּן זֵייעֶר אֱמוּנָה אוּנ פוּן זֵייעֶרֶע מִנְהָגִים. אוּנ אִיר זָאלְט נִיט אַוֶועק רוֹיבֶּען דִיא פְּרוֹיעֶן פוּן זֵייעֶרֶע מַאנֶען. וָוארוּם דִיא שִׂנְאָה וָואס עֶס קוּמְט אַרוֹיס דֶער פוּן אִיז אַם עָרְגְסְטִין. אוּנ מִיר קוּמֶען אִין דִיא הֶערְלִיכֶע שְׁטָאט אלכסנדריא וָואס דֶער קֶענִיג אלכסנדער מקדון הָאט גִבּוֹיעֶט. אוּנ אוֹיף יֶעדֶערִין טְרִיט וָואס אִיר וֶועט דָארְטִין טְרֶעטִין וֶועט אִיר זֶעהְן נַייעֶ זַאכִין. זָאלְט אִיר אוּנְנוּטְצִיג נִיט פֶער דַארְבֶּען. אוֹיף דֶעם פַאל אַז אַייךְ וֶועט קַיין שְׁלֶעכְטְס גִישֶׁעהֶן. אוּנ זֵייא זֶענִין בְּשָׁלוֹם גִיקוּמֶען אִין וֵוייניג טֶעג גֶאהְנְט פוּן מִצְרַיִם:

דֶעם 30 טֶען יוּנִי 1798 צוּא מָארְגֶענְס. זֶענֶען זֵייא גִיקוּמֶען בַּייא דֶעם טַייךְ וָואס עֶס גֵייט אַרַיין אִין מְדִינָה אפריקא. אַזוֹיא הָאט נאפאלעאן גִישִׁיקְט נָאךְ דֶעם קוּנְזֶל צָרְפַת וָואס זִיצְט אִין שְׁטָאט אלכסנדריע אוּנ דֶער קוּנְזֶל הָאט אִים גְרוּנְטְלִיךְ עֶר קְלֶערְט אַז דֶער גבור מלחמה נעלזאן מִיט 14 שִׁיפִין זוּכֶען אִים אוֹיף דִיא יַמִּים, אוּנ דָאס גֶעמַיין פוּן מצרים יֶעדֶער אִיז בֶּעלָאדִין מִיט שְׁוָוערְד אוּנ בִּיקְס. צוּא פִירִין שְׁטְרֵייט. אַזוֹיא הָאט נאפאלעאן פֶער שְׁטַאנֶען. אַז מַאן מוּז זִיךְ אַיילִין צוּא קוּמֶען נָאךְ אלכסנדריא אֵיידֶער נעלזאן וֶועט אִים גִפִינֶען אוֹיפִין יַם. הָאטְשִׁי דַאמַאלְס וָואר גְרוֹיסֶע ווּתְטִין וָואס עֶס אִיז גִיוֶועזֶען שֶׁעדְלִיךְ. וַוייל בַּייא אלכסנדריא אִיז דָא אִין דִיא וַואסֶערִין גְרוֹיסֶע שְׁטֵיינֶער. וָואס זֵייא זֶענֶען שֶׁעדְלִיךְ פַאר דִיא שִׁיפִין. דֶעם וֶועגִין הָאט עֶר זִיךְ גִיוָואוּגֶען אוּנ הָאט בַּאפוֹילִין מֶען זָאל דִיא שִׁיפִין לוֹיז לָאזִין אִין דֶעם צְווייטִין יוּלִי אִיז עֶר בְּשָׁלוֹם גִיקוּמֶען צוּא יַבָּשָׁה קֵייגִין אלכסנדריא:

אַיין בְּרִיף הָאט נאפאלעאן גִישִׁיקְט צוּא דֶעם בּאשֶׁע פוּן אלכסנדריא דָאס עֶר קוּמְט נוּר צוּם שְׁטְרַייט אוֹיף דִיא מַאלֶעמוּקֶען. אוּנ מִיט דִיא גַאנְצֶע מְדִינָה: עֶר שָׁלוֹם:

אָבֶּער נאפאלעאן הָאט דֶער זֶעהְן אַנְשֵׁי מִלְחָמָה קוּמֶען קֶעגֶען

זיין מַחֲנֶה . אַזויא זֶענֶען זַיינֶע קאנָאהֶן בַּאלְד לויז גִיגַאנְגֶען . אונ זַייא הָאבִּין בַּאלְד חָרוּב גִימַאכְט אַקְלַיין פֶעסְטוּנג וָואס בַּייא (אלכסנדריא) שְׁטֵייט . מִיט גְרוֹיס מוֹרָא זֶענֶען אַלֶע בִּירְגֶער אַרוֹיס צוּא (נאפאלעאן) אונ הָאבִּין אִים גִבֶּעטִין שָׁלוֹם . אונ עֶר הָאט זֵייעֶר רָצוֹן מְמַלֵא גִיוֶועזִין אונ עֶר הָאט זַיינֶע חוּקִים גִיגֶעבִּין . אונ זֵייא הָאבִּין אוֹיף זִיךְ מְקַבֵּל גִיוֶוען . אונ עֶר הָאט מוֹדִיעַ גִיוֶוען בִּכְתָב אַז זַיין צְארִין וֶועט נוּר זַיין אוֹיף דִיא מַאלֶעמוּקֶען :

נון מַאכְט נאפאלעאן זַיין רַייזֶע צוּם שְׁטְרַייט [illegible] דִיא מַאלוּמוּקִין . אָבֶּער אִין דִיא רַייזֶע הָאט עֶר גְרוֹיסֶי צָרוֹת גִי[illegible] וֶוען אִין דִיא ווִיסְטִינְהֵייט הָאבִּין זַיין חַיִל קֵיין וַואסֶער גִיהַאט צוּא [illegible] . אונ דִיא הִיץ הָאט זֵייעֶרֶע קֶעפּ גִיבְּרֶענְט וִויא פַייעֶר . אונ דַאס זַאמְד הָאט גִיבְּרֶענְט דִיא פִּיס וִויא זוּדִיגֶי אֵשׁ . פִּיל זֶעלְנִיר זֶענִין גִישְׁטָארְבִּין פַאר דָארְשְׁט . אִין דִיא עֵצָה זֶענִין דִיא שָׂרֵי הַחַיִל גִיוֶוען אִין סכנת מות פון דִיא זֶעלְנִיר . נוּר נאפאלעאן הָאט מִיט זַיין חָכְמָה גֶעשְׁטִילְט דֶעם כַּעַס פון דִיא זֶעלְנִיר דֶער מִיט וָואס עֶר הָאט זִיךְ גִיפַּיינִיגְט וִויא אַלִי זֶעלְנִיר הָאבִּין זִיךְ גִיפַּיינִיגְט . אונ אַם מֶערְסְטִין אִיז עֶר גִיגַאנְגֶען צוּא פוּס כְּדֵי דִיא זֶעלְנִיר זָאלִין זִיךְ שְׁטִילִין פון זֵייעֶר כַּעַס :

דֶעם צֶעהְנְטִין יוּלִי וִויא זֵייא זֶענִין נוּר גִיקוּמִין בַּיים טַייך נילוס זֶענִין אַלִי זֶעלְנִיר דוּרְךְ אִיִים אַרַיין אִין טַייךְ מִיט זֵייעֶרִי קְלֵיידִיר . וֶועגִין אָפּ צוּ קִילִין זֵייעֶרִי צוּא בְּרֶענְט לַייבּ אָךְ לֵיידִיר זֵייא הָאבִּין זִיךְ צוּא מָאל נִיט גוּט אָבּ גִיקִילְט . אַזויא אִיז אָן גִיקוּמִין אַמַחֲנֶה מאלומוקין צוּם שְׁטְרֵייט . אָבֶּער חיל נאפאלעאן הָאבִּין זֵייא גוֹבֵר גִיוֶועזִין . אונ הָאבִּין אֵיינִים לֶעבִּידִיג נִיט גִילָאסְט :

דֶעם צְווַייא אונ צְווַאנְצִיגְסְטִין יוּלִי הָאט עֶר מִלְחָמָה גִיפִי[illegible]ט אוֹיף דִיא קֶינִיגְלִיכֶע שְׁטָאט קאירא . אִין הָאט זֶעהר פִּיל שָׁאדִין גִימַאכְט . בִּיז זֵייא הָאבִּין אִים צוּא גִישִׁיקְט דֶעם שְׁלִיסִיל פון טוֹיעֶר עֶר זָאל אַרַיין קוּמִין בְּשָׁלוֹם :

וִויא עֶר הָאט שׁוֹין מדינת מצרים אֵיין גִינוּמֶען . הָאט [illegible] אֵיין צִינְז גִימַאכְט אונ הָאט זַיינִי גֶזֶעצִין גִיגֶעבִּין וַוייל עֶר הֵייסְט שׁוֹין אוֹיבֶּער גִיוֶועלְטִיגֶער אוֹיף מצרים . אונ דִיא אַיינְוואוֹנִיר הָאבִּין גִימוּזְט בֵּייגִין זֵייעֶר רוּקִין . אונ פָּאלְגִין זַיין בַּאפֶעהְל . דֶען זֵייא הָאבִּין גִיזֶעהְן דָאס פְרַאנְצֵייזִישִׁי קַאנָאהִין אונ כְּלֵי מִלְחָמָה ווִירְקִין זֵייעֶר פִּיל אונ דֶער צְארִין פון נאפאלעאן אִיז זֵייעֶר גְרוֹיס . אונ שֶׁערְלִיךְ וִויא גִיפְט פון בֵּייזִין שְׁלַאנְג . אַם מֶערְסְטִין הָאט דִיא אַיינְוואוֹנִיר גִינֶערִימְט . וָואס קֵיין מֶענְשׁ הָאט נִיט גִיטָארְט אַרוֹיס פון שְׁטָאט אָן

אֵיין

איין פּראַשׁפּאָרט . דען אַזעלכיס האָבּין זייא אויף זייער לעבין גאָר ניט געהערט אונ ניט געוואוסט . דען אָבער האָבּין זייא עס מיט גרויס גליטין :

נאָך העער איז ער גיגאַנגען צום שטרייט אויף מדינת כוריא צוא דעם גבור מלחמה דייצער . אונ מיט זייני אונבּארמליכי לייטי . אָבער זיין הצלחה איז אים אויך דאָרט בּייא גישטאַנין אונ ער האָט גימאַכט פון אַלעם תחת חרב „ פיר מויזינד דיא העכסטי גבורים אונ אַכזרים . זענין גיוועזין אין איין פעסטונג אונ זייא זענין גיוועזין אין גיפאַהר צוא גיהאַרגית ווערין פון חיל צרפת . אונ וויא דיא שׂרי צרפת האָבּין אויף זייא רחמנות גיהאַט . האָבּין דיא שׂרי צרפת צוא גישיקט איין שליח . אַז זייא זאָלין זייער גיווער ארויס וואַרפין פון פעסטונג פיר דיא חיל צרפת . אונ זיך געבין בּשבי׳ה . וועט מאַן זייא לעבין לאָזין . אונ דיא לייט האָבּין אַזויא גיטון . אָבער ווייא זייא זענין שוין גיוועזין בּייא דיא פראַנצויזין . האָט נאפּאלעאן גיהייסין מען זאָל זייא אַרום רינגלין מיט קאַנאָהן אונ שיסין אויף זייא . אונ עס בּלייבּט פון זייא ניט איינער :

דיא וועלט האָט אפילו דרויף פיל גישריגין . וואָרום זאָל מען טייטין מענשין דיא וואָס קומין צוא שלום . אָבער נאפּאלעאן האָט גיזאָגט . אַז זייא האָבּין שוין איין מאָל גישוואוירין . אונ זייא האָבּין עובר שבועה גיוועזין . האָבּין זייא שוין דאַמאַלס דעם טויט פאַר דינט . אונ דאַמיט האָט ער גרויס מורא גיוואָרפין אויף מדינת כוריא אונ זייא וואָרין אונטער טעניג אונ בּאַווילינ :

נאָך העער איז ער גיגאַנגין צוא מלחמה אויף אקרא . דאָס איז דיא שטאָט עכו . אונ ער האָט גרויסי גבורות בּאַוויזין גאָר אָן אַשיעור . אָבער ער האָט דעם געגינט ניט גיקענט אונטערטעניג מאַכין . אונ ער האָט צוא ריק אָפּ גיצויגין . אונ בּייא דיא צייט האָט ער גרויסי צרות גיהאַט . דען אַמין דבר איז אָן גיקומין אויף זיינע זעלניר אונ טאַג טעגליך זענין הונדערטע זעלניר אויס גישטאָרבּין . אונ איין מורא איז גיפאַלין אויף דיא געזונטע . אַז זייא האָבּין זיך ניט גיוואָלט אָן ריהרען אָן דיא קראַנקע צוא העלפין זייא . טאָמער וועט דיא קרענק אין זייא זיך בּאַהעפטין . דאַן פלעגט נאפּאלעאן זעלבּסט גיין מיט דעם דאָקטאָר . אין דיא שפּיטאָלין . אונ פלעגט בּאַדינען דיא זעלנער . בּכדי צוא ווייזין אַז דער קרענק איז ניט שעדליך אונ דיא חכמה האָט געווירקט אַז דיא זעלניר האָבּין איינער דעם אַנדערען גיראַטיוועט מעהר אַלעם דיא דאָקטורים אונ נאָכהער האָט ער בּאַפוילין אַז מען זאָל דיא חולים מיט נעמין אויף וועגין .

אונ מיט פיהרין. ווא דאס גאנצע חיל צינט. אונ ווייל ער האט געוואלט וואזין טרייהייט פאר דיא זעלנער. איז ער אם מערסטין צוא פוס גיגאנגען. אונ עס גישאה. ער איז צוא ריק גיקאמען קיין קאי-ע. קיניג רייך שטאט פון מצרים. אין איניגע טאג נאכהער. ווייל ער איז צוא ריק גיקאמען. האט ער געהאט אשווערע שטרייט מיט דיא טערקין אונ אין איין מלחמה איז אויס געהארגיט געווארין ביז 10000 מאן פון זיינע שונאים אונ דיא איבריגע זענען דערטרונקען געווארין אין ים. דאן איז גיווארין וויהדער שטיל:

נאך איין שרעקליכע צרה האט נאפאלעאן גיהאט. איין גאנצע פלאטע מיט כמה הונדערט מענשין מיט צרכי המלחמה. איז צום שטיינד גיגאנגען. וואס דער גיבור נעלעאן האט איהר דערטרונקען אין ים. איבער הויפט האט אים גיערגערט דען וואס וועגן ער קאנען אין פאריז פאר דיא שרי הסענאט ענטפערין. אז ער האט אזויא פיל צום שאדין גיבראכט. אויך איז אים גישעהן אסיבה וויא ער האט אפגעטרעטען פון קאירע קיין אקרא. האבין דיא איינוואונער אויסגעשטאבען 500 אפיצירען מיט אסאך זעלנער תאמט׳ צוא דיא צייט איז איהם גאנץ נים גוט גיוועזין. פון דעסטוועגין האט ער זיך אימער גישטארקט. אונ איז בייא זיך גאר נים גיפאלין גיווארין אונ וואו ער האט גובר גיוועזן. האט ער זיין רצון אויס גיפירט וויא צום בעסטין. אונ זיין נאמען איז גיאכפערט גיווארין אין גאנצין לאנד מצרים אזויא וויא אין צרפת אונ אין איטליא:

אבער דיא שלעכטע בשורות וואס נאפאלעאן האט גיהערט פון פאריז. וועגין איטליא. האט זיינע גידאנקען צוא מישט. אונ ער האט גיטראכט ווען איך זאל דא אין מצרים מיך נאך פערזאמען וועל איך נים אויספיהרען מיין כהשבה אין דער צייל. וואס איך האב לאנג גיבויט אין צרפת אונ אין איטליא וועט צוא פירט ווערין. אונ נאך הער וועט מען פאן מיר אויסלאכין. אזויא האט ער דעם גרויסען יענעראל קלעבערין גילאסט אן שטאט אים. פאר איין מושל אויף לאנד מצרים אונ דיא זעלנער נעבסט זייערע שרים האט ער זייא מוסר גיזאגט אז זייא זאלין קלעבערין פאלגין דען ער איז איין חכם גדול אונ זיינע עצות וועט אייך גליקליך מאכין אונ ער זעלבסט מיט 500 מאן האבין זיך גיזעטצט צוא שיף דען 23 טעג אויגוסט 1799 צוא פאהרין קיין פאריז:

תאמט׳ ער האט גוט גיוואוסט אז הונדערט שיפין ווארטין אפין ים ; אים צוא חאפין. אבער ער האט זיך גישטעלט אין דיא גרעסטע סכנה אונ האט זיך אלעס גיוואגין אויף זיין הצלחה אונ

דעם

דעם 9 אָקְטָאבֶּער 1799 איז ער גְלִיקְלִיךְ גיקומֶען בייא דעם בָּארְטִין פרעיוס אונ דא האט ער שוין גיפונין פיל געעֶרְטֶע לֵייטֶע פָאן פַּארִיז מיט אַסַאךְ שִׁיפִּין וָואס זַיינֶען גיקומֶען מיט שִׂמְחָה אִים מְקַבֵּל צוא זַיין אִין וַוייל דיא מְדִינָה לַייט הָאבִּין גִיוָואלְט מַאכִין פִיל כָּבוד פַאר אִים. אונ ער האט כָּבוד בְּתַכְלִית פַּיינְט גיהַאט. דרום האט ער זיך גאר נִיט אַיין גימֶעלְדֶעט אִין דיא שְׁטֶעט אַז ער זֶעלְבְּסְט קוּמְט אָן אונ אַזויא שְׁטִילֶערְהֵייט איז ער אין פַּארִיז גִיקָאמֶען:

אִין זַיינֶע גידַאנְקֶען האט ער זיך גִיטְרַאכְט. אַז דיא אַלֶע סוּשְׁלִיצרפת וָאל ער אָבְּזָאגִין פון זֵייעֶרֶע סְלוּשְׁבֶּעס אוּנ אַנדֶערֶע אויף זֵייעֶר שְׁטֶעל צוא מַאכִין. וָוארוּם וִויא זֵייא הָאבִּין אִים אִין שְׁטִילֶען פַיינְט גיהַאט. אַזויא אויךְ. הָאט ער זֵייא פַּיינְט גיהַאט אונ בִּפְרַט זֵיינֶע יוֹעֲצִים הָאבִּין אִים דַאצוא גִיבֶּעטִין. אונ פַּארִיז אִיז גִוָוארִין פּוּל מִיט שִׂמְחָה בַּייא זַיין קָאמֶען. אַקוּרַאד וִויא פַאר זַיין מֶלֶךְ:

וִויא נאפאלעאן אִיז גִיוָוארִין דֶער עֶרְשְׁטֶער קָאנְסָעל פון צרפת: (מה נבהלה נפש הגבור נאפאלעאן). אַךְ. וִויא עֶרְשְׁרָאקֶען אִיז נאפאלעאן גִיוָוארִין וִויא ער איז גְרוּנְטְלִיךְ עֶרְפַאהְרִין דעם שְׁלֶעכְטִין שְׁטַאנְד פָאן צרפת. קֵיין עֶסִין קֵיין שְׁלָאף אִיז אִים נִיט אַיין גִיפַאנְגֶען. אונ האט אִים שְׁטִילֶען דארויף גִיקְלָאגְט דען ער איז עֶרְפַאהְרִין אַז קֵייזֶער עֶסְטְרַייךְ האט שָׁלום גֶעמַאכְט מִיט עֶנְגְלַאנְד אונ עֶנְגְלַאנְד האט דֶערְוֶועקְט אַלֶע מַלְכֵי אֵייראָפֶּע צוא נוּקְם זַיין אָן צרפת. אונ דער גְרוֹיסֶער מָאנַארְכֶע פון עֶסְטְרַייךְ. קַארְל. האט פֶערְצוֹיגִין אִין אַשְׁכְּנַז 12000 מַאן מִיט גְרוֹיסִי מְלוּמְדי מלחמה. אונ דער גִבּוֹר עֶסְטְרַייךְ מעלאס האט בֶּעטְרֶעטִין איטליא מִיט 30000 מַאן. אונ מִיט פִיל קַאנָאנֶען. אונ 100000 מַאן רוּסִין גֵייעֶן צוא הִילְף לְקֵייסֶר עֶסְטְרַייךְ. אונ דיא אֵיינְוָואהְנֶער פון אִיטַלְיָא הָאבִּין זִיךְ אויךְ גִיגוּרְט מִיט כְּלֵי מִלְחָמָה קֶעגִין צרפת. אונ דיא גִבּוֹרִים פון צרפת זֶענֶען כָּלָה גִיוָוארִין. דען חַיִל עֶסְטְרַייךְ זֶענֶען בֶּעפַאלִין אונ הָאבִּין זֵייא אוֹיס גֶעהַארְגִיט. אונ פַּאוִויל. קֵייזֶער רוּסְיָא אונ עֶנְגְלַאנְד אונ מֶלֶךְ נֶעאַפָּאל אונ רוֹמִי אויךְ דער סוּלְטַאן פון טֶערְק. הָאבִּין אַלֶע שָׁלוֹם גִימַאכְט כְּדֵי אוֹיס צוא רֵייסִין צרפת פון גְרוּנְט דַאפִיר וָואס זֵייא הָאבִּין מוֹרֵד גִיוֶוען אִין זֵייעֶר מֶלֶךְ אונ זֵייא הָאבִּין אִים גִיהַארְגִיט גְלַייךְ וִויא מֶען טֵייט אֵיין פֶעלְד גַזְלָן אונ דיא אַרְמֵי ייען פון צרפת זֶענֶען גִינֶעטִיגְט גִיוֶועזִין צוא אַנְטְלוֹיפִין פון זֵייעֶרִי שׂוֹנְאִים מִיט שַׁאנְד וִויא גַנָבִים. אונ אִיטַלְיָא וָואס ער האט גוֹבֵר גִיוֶען מִיט זַיין שְׁוֶוערְד אִיז צוא רִיק אָן גִיקָאמֶען אָן קֵייזֶער עֶסְטְרַייךְ עֶטְלִיכֶע

טָעג הָאבִּין זַיינִי גִידַאנְקִין אִין אִים גִישְׁטוּירְמְט וִויא דֶער יָם שְׁטוּירְמְט פוּן גְרוֹיסִין ווִינְט אוּנ וֶוען עֶר וָואלְט צוּא דִיזֶע צַייט אַלֶע שָׂרָרִים אַרָאפּ גִיוָוארְפִין פוּן זַייעֶר כְלוּשְׁבֶּע. פַאר זַייעֶרֶע שְׁלֶעכְטִי וֶוערְק וָואלְט גִיוויס קֵיינֶער נִיט גִיזָאגְט אָן אִים אוּם רֶעכְט אוּנ בִּפְרַט דָאס גֶעמֵיינֶע הָאט נִיט גִילִיטִין דִיא שָׂרִים אָבֶּער נאפאלעאן הָאט דָאךְ גִיבָּאטִין זַיינִי גִידַאנְקִין בְּרוּחַ גְבוּרָה וִויא אַגְרוֹיסֶער גִבּוֹר. וִויא פִיל שָׂרָרִים הָאבִּין גִיזָאגְט אַז נאפאלעאן אִיז אֵיין מֶענְשִׁין פְרֶעסֶער אוּנ עֶר קֶען נִיט זַיין אָן מֶענְשִׁין בְּלוּט דְרוּם הָאט עֶר צוּא דִיא צַייט גִיוִויזִין אַז עֶר אִיז נָאר אַבַּעַל חֶסֶד וְרַחֲמִים. אוּנ עֶר הָאט זִיךְ זֶעלְבְּסְט גִירָאטְהֶען רוּהִיג צוּא זַיין. כְּדֵי צוּא זֶעהְן וָואס דִיא שָׂרִים וֶועלִין אִים ראטְהֶען. קוּרְץ אִין אֵיינִיגֶע טָעג הָאבִּין זִיךְ אֵיין גִיזַאמִילְט אַלֶע גְרוֹיסֶע שָׂרָרִים פוּן פַּארִיז אוּנ זֶענֶען גִיקוּמִין צוּא נאפאלעאן צוּא בִּיטִין אִים. עֶר זָאל הֶעלְפִין צרפת וִויא צוּא פָאר אוּנ אַלֶע הָאבִּין זִיךְ אוּנְטֶערְטֶענִיג גִימַאכְט אוּנְטֶער אִים.

אוֹיסֶער דֶער גִירִימְטֶער גִבּוֹר בערנאדאטטע אוּנ דֶער קְרִיגְּמִינִיסְטֶער הָאבִּין זִיךְ נִיט גִיוָואלְט אוּנְטֶערְטָאן מַאכִין אוּנְטֶער נאפאלעאן אוּנ זֵייא הָאבִּין אֵיין בַּאפֶעהְל גִיגֶעבִּין. אַז דֶער עֶלְסְטֶער וָואס וֶועט פָאלְגִין צוּא נאפאלעאן דֶער זָאל גִישָׁאסְין וֶוערִין אָבֶּער דִיא זָעלְנֶער הָאבִּין גִילַאכְט פוּן זֵייא. אוּנ פוּן זֵייעֶר בַּאפֶעהְל אוּנ וִויא נאפאלעאן הָאט זִיךְ נָאר גִיזֶעצְט אוֹיף זַיין פֶערְד. זָא זֶענֶען אַלֶע זֶעלְנֶער מִיט זֵייעֶרֶע מוֹשְׁלִים צוּא גִישְׁטַאנִין צוּא פָאלְגִין זַיין בַּאפֶעהְל:

נאפאלעאן אִיז צְוַואר נִיט גִיוֶועזִין אֵיין גְרוֹיסֶער מֶענְשׁ אַז מֶען זָאל פַאר אִים דַארְפִין מוֹרָא הָאבִּין אָבֶּער זַיין אַנְבְּלִיק אִיז גִיוֶוען זֵייעֶר פָארְכְטִיג זַיין צוּרָה אִיז גִיוֶוען וַוייס וִויא מִילְךְ זַיינֶע הָאר וַואר גֶעלְבּ אוּנ לַאנְג אַרָאפְּגִיהָאנְגֶען פָארוּנְט אוּנ אוֹיךְ אָפְּהִינְטֶען. זַיין שְׁטֶערְין וַואר גְרוֹיס אוּנ רוּנְד. זַיינֶע אוֹיגִין זֶענִין גִיוֶועזִין פוּרְכְטִיג אוּנ אֵייסֶערְלַאךְ שְׁוַוארְץ. אוּנ דֶער גִישְׁטַאלְט הָאט גִיוָוארְפִין מוֹרָא אַנְהִיזֶערִין. אַז נִימַאנְד הָאט זִיךְ גֶעוָואגֶען אִיבֶּערְטְרֶעטִין זַיין בַּאפֶעהְל אוּנ נאפאלעאן מִיט זַיין מַחֲנֶה גֶענִבְסְט אַלִי שָׂרָרִים זֶענֶען גִיקוּמֶען נָאךְ סַאנְט קְלוּיז דָארְטִין אָפּ רֵיידִין וִויא עֶס זָאל בְּלַייבִּין דִיא עֵצָה:

דִיא עֵצָה אִיז אַרוֹיס גִישְׁלָאסִין בְּהַסְכָּמַת כּוּלָם אַז נאפאלעאן זָאל זַיין קוֹנְזֶעל רִאשׁוֹן. אוּנ עֶר זָאל בַּאפֶעהְלִין אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען חַיִל צרפת אָבֶּער פִיל גְרוֹיסֶע שָׂרָרִים וֶועלְכֶע הָאבִּין דָאס נִיט גִיוָואלְט לַיידִין אוּנ זֵייא הָאבִּין אִים פַיינְט גִיהַאט הָאבִּין זֵייא אֵיין בַּאפֶעהְל גִיגֶעבִּין אַז מֶען זָאל נאפאלעאן תַּאפִּין אוּנ שִׁיסֶען אָבֶּער שְׁטָאט דִיא רֵייד זֶענֶען זֵייא גִישָׁאסִין גִיוָוארִין פוּן דִיא זֶעלְנֶער אוּנ דִיא אִיבֶּערִיגֶע זֶענִין

צוּא

צוא לָאפִין גיוואָרין הַכּם זיינע אוהֲבים האָבּין גיהייסען מען זאָל זייא אויף זוכען אונ משפטן זייא צום טויט אָבער נאפאלעאן האָט גיזאָגט חָלִילָה ח"ו איך וועל נימאַנגען טאָן :

נאָר ער האָט זיך גישטעלט צווישין דיא גרויסע פֶערזאַמלונג שׂרָרים אונ האָט פאר זייא גיזאָגט דיא אונרעכט וואס זייא טוען פאר זיך אונ פאר דיא מדינה אונ געגען אים וואס ער האָט זיין לעבין גישטרעקט פאר צרפת . אינדעם וויא ער האָט זייא פאר גיזאָגט זייער אונרעכט איז גיהערט גיוואָרין איין שטים . שטיל שטיל . מורד ופושע . דוא האָסט דעם טויט פאַרדינט. ווייל דוא האָסט אַזויא פיל מאָנאַרכעס אין פעסטונג גיזעצט. אָבער ער האָט זיך גאָר ניט דערשראָקען פיר דיא רייד . אונ ער פיהרט ווייטער זיין גישפרעך אונ ער האָט אַזויא פיל גערעט ביז אַלע האָבין גישוויגין דאָס איז שוין אַבּאָוּוייז אַז ער איז גירעכט . אָבער אין איינעגע שטונדען איז דער בונד איבּערנַיים גיוואָרין . אונ עס איז בּייא זייא גיבּליבין הַסכָּמה נאפאלעאן צוא הַרגֶנען אונ דיא שׂרָרים האָבין נאָך גיצוואונגין נאפאלענס בּרודער וויצינגען אַז ער זאָל אויך מַסכּים זיין אויף זיין בּרודערס טויט . נאפאלעאן איז גישווינד דאָס דער גאַנגען . איז ער נאָך איין מאָהל גיקומען צווישען דיא פַארזאַמלונג אונ האָט גיזאָגט . איהר זקנים וואָס ווילט איהר וואָס מאַכט איהר מיך זעלבּסט באַרין שולדיג וואָס מען האָט אָבגישאַפט דיא שׂרֵי דירעקטאָריום . דאָס איז דאָך דיא עצה פון דאָס מערכּטע שׂרָרים . אונ אין דעם גייט ער אַרויס צוא זיין חַיל אונ שרייט מיין חַיל זייט איהר נאָך טרייא פיר אייער מושל נאפאלעאן אַלע האָבין גיענפערט בּאַנטפאָרטע זאָל לעבין . אונ אונזער לעבין איז ניט געאַכטעט געגען דיין ליבּע . דאַן זאָגט ער קאָמט מיט מיר מיט גישווינד האָבין דיא זעלנער אַרויס גירינגעלט דיא מַאנגנאַטין אונ ער איז אַריין גיגאַנגען צום פאַרזאַמלונג צוא שטראָפין זייא פילייכט וועט ער מיט גוטען מיט זייא אויסקאָמען אָבער קוים האָט ער זיינע פיס אָפין שוועל גישטעלט אַזויא וועגין דיא שׂרָרים צוא אים צוא גילאָפין מיט דיא שווערדין אים צוא שטעכין . אונ נאָר איין געשרייא איז געהערט גיוואָרין שטעכט דעם מורד ופושע נור זיין גליק וואָר צוא דיא צייט . דאָס זיין באַדינטער האָט זיין לעבין גישטרעקט. אונ האָט נימאַנד צוא גילאָסט צוא אים . אונ נאפאלעאן האָט ער מיט גיוואַלט אָפּגיצויגין פון מיר . אוינגענבּליק האָבין דיא זעלנער נאפאלעאן גיפרעגט . צוא ער הייסט אויס הַרגֶנען דעם גרויסין פאַרזאַמלונג שׂרָרים . דער פאר וואס זייא האָבין גיוואָלט שטעכין נִיין האַר זיין ענטפער , האַלט נאָך אויף דער ווייל האָט לוציאן אויס גיטאהי

גיטאהן זיין היטעל. אונ זיין שווערד האט ער אבגעבונדען פון זיך אונ האט עס גיווארפין געגען דיא שררים וואס שטייען צוא טייטין זיין ברודער אונ ער גינג ארויס מיט דיא ווערטער. איך וויל ניט זיין אין דיא מיט־דער פארזאמלונג. נאפאלעאן האט בעפעלט דעם גענעראל מוראט. ער זאל גיין מיט זיינע זעלנער צוא טרייבין דיא שררים איש לביתו. אונ מוראט בייא זיין קאמען צוא דיא שררים האט ער גיזאגט. איך בין גיקומען מיט דעם בעפעל פון גבור קאנסיל נאפאלעאן אייך ארויס צוא טרייבען פון דעם הויז. אונ זיין באפעל קען איך ניט משנה זיין. ע"כ בעט איך אייך אז איהר זאלט תיכף ארויס גיין. דיא שררים האבין אבער ניט גיוואלט. אזויא זענען דיא זעלנער אריין. אונ זייא האבין צוא הארגעט דיא שררים מכת רצה מיט דיא ראפניקעס. אז זייא האבין קאם פאספיעט מיט לעבין אנטלויפין זייערע אויבער קליידער איז גיבליבין אין הויז. אונ זייא זענען דורך דיא פענסטער גי־פרונגען אונ פיל האבין זיך צוא קאליציט פון לויפין נון זעהט איהר ש"ין לעזערים וואס נאפאלעאן האט באוויזין אונ איהר דארפט ויסין אז דאס וואר לויטער חסד. ווארום ער וואלט גיהייסין שיסין וואלט נאך איין לעבעדיקער ניט ארויס פון הויז אונ נאכדעם האבען דאך אלע מסכים גיוועז אז וואס נאפאלעאן טוט איז אלעם גוט אונ מיט חסד.

אונ נאך דעם איז נאפאלעאן געווארין בהסכמה פאן אלע שררי צרפת דער ערשטער קינזל אונ מושל אויף גאנץ צרפת גלייך וויא איין מלך אונ ער האט זיך בעזעצט אין דעם טייערין פאלאץ טילערין וויא אלע מלכי צרפת פלעגען זיצען.

נאך דעם וויא נאפאלעאן איז גרויס גיווארין האט ער גישריבען איין שלום בריף צום מלך ענגלאנד געארג דער דריטער מיט דעם לשון.

איך בין דער הויבין גיווארין צוא זיין איין מושל איבער גאנץ לאנד צרפת. אזויא קום איך דיר פרעגען צוא עס וועט שוין ניט גיענדיגט ווערין א נזער שנאה אבט יאהר שוין וויא צווישין צרפת אונ ענגלאנד ווערט בלוט פערגאסין. צוא וועט נאך קיין סוף זיין דוא מלך זאלסט ניט מיינין ווייל איך בעט אויף שלום דען האב איך מורא פאר דיר. ניין. דאס דארפסטו ניט מיינין. דען דוא ווייסט גוט. אז כח צרפת איז זייער פיל. נור ווייל מיר דארפין זארגין אויף דעם שלום פון דיא מדינה לייט. זייער בלוט זאל ניט געגאסין ווערען. דרום פרעג איך דיר אן צוא שלום. פון מיר וועלכער וויל דיר בעעהרען. נאפאלעאן.

דער מלך ענגלאנד האט זיך אבער ניט גיקערט צוא זיין

בְּרִיף. נור זַיין אַטְיוּטֶענְט הָאט אָפּ גִישְׁרִיבִּין אַיין עֶנְטְפֶער. וֶוען דוא מַלְכוּת צרפת וֶועט ווידֶער גִיקֶערְט וֶוערִין צוא דיא מִשְׁפָּחָה בּורבּאָן אונ צרפת וֶועט אַוֶועק גֶעבִּין דִיא לֶענְדֶער וָואס זֵייא הָאבִּין מִיט שְׁוֶוערְד אַוֶועק גִינוּמֶען. דֶענְסְמָאל וֶועט וֶוערִין שָׁלוֹם. אָבֶּער כָּל זְמַן וֶוען פְרֶעמְדֶע מֶענְשִׁין זֶענֶען מוֹשְׁלִים אִין פַּארִיז וֶועט קֵיין שָׁלוֹם זַיין.

וִויא נאפאלעאן הָאט דֶעם בְּרִיף בֶּעקָאמֶען הָאט זַיין צָארִין גִיבְּרֶענְט אונ הָאט גִיזָאגְט מִיט גִיטֶען וֶועט מֶען מִיט ענגלאנד נִיט דוּרְךְ קָאמֶען. נָאר דֶער שְׁוֶוערְד וֶועט שָׁלוֹם מַאכִין.

דָאס דַארְפְט אִיהְר לֶעזֶערְס וִויסֶען אַז כ"ז דִיא שָׂרֵי סֶענַאט דִירֶעקְטָארִים הָאבִּין גִיהַאט צוא שַׁאפִין אִיבֶּער צרפת אִיז צרפת גִיוֶועזִין אִין אַשְׁלֶעכְטִין שְׁטַאנְד אונ יֶעדֶער זַאךְ אִיז גִיוֶועזִין טוּיט. אונ וִויא נ׳ פּאלעאן הָאט דִיא מֶמְשָׁלָה גִיקְרִיגֶען. אַזוֹיא הָאט יֶעדֶער זַאךְ גִיקְרִיגֶען אִין זִיךְ אַיין לֶעבְּהַאפְטִיגְקֵייט. אִין קוּרְצְלִיךְ אִיז יֶעדֶער זַאךְ גִיקוּמֶען אִין אָרְדֶענוּנְג.

אַיין בֶּעפֶעל הָאט עֶר גִיגֶעבִּין אַז דִיא וָואס זֶענֶען פֶערְטְרִיבֶּען גִיוָוארִין פוּן פַּארִיז מַחֲמַת זֵייעֶר זִינְד. מֶעגֶען צוּא רִיק קָאמֶען אוֹיךְ דִיא צְווייא פְּרִינְצֶעסִינְס דִיא טֶעכְטֶער פוּן גִיהַרְגִיטֶן מֶלֶךְ זֶענֶען צוּא רִיק נָאךְ פַּארִיז גֶעקוּמֶען דָאס אִיז אֲפִילוּ גִיוֶועזִין שֶׁלֹּא בִּרְצוֹן נָאר עֶר הָאט גִישְׁוִויגִין וֶוען מֶען הָאט בִּיז הֶער קֵיין פֶּענְסְיָא גֶעצָאלְט וֶועגִין זֵייעֶר זִינְד. הָאט עֶר בֶּעפוֹילְט צוּא צָאלִין אוּנ דִיא גֵייסְטְלִיכֶע וָואס פְּלֶעגֶען שִׂנְאַת מַאכִין אוֹיף דִיא אַנְדֶערֵי אֱמוּנוֹת הָאט עֶר שְׁטַארְק פֶּערְזָאגְט. דָאס זָאל נִימָאלְס גִיהֶערְט וֶוערִין. אִין יֶעדֶער זָאל דִינֶען דֶעם גָאט וֶועמִין עֶר לִיבְּט. אִין דִיזֶע גוּטֶע בֶּעפֶעלִין הָאט צוּא גִיצֵייגִין צוּא אִים לִיבֶּע אַז יֶעדֶער הָאט זִיךְ וַואהְר גִיוָואלְט מַקְרִיב זַיין פַאר אִים.

נַאכְהֶער וִויא עֶר הָאט צרפת אִין צוּפְרִידֶענְהֵייט גִיבְּרַאכְט דַאן אִיז עֶר צוּא מִלְחָמָה גִיגַאנְגֶען. אִין דֶעם 17 טֶען אַפְּרִיל 1800 הָאט דֶער גִּבּוֹר צרפת מאסענע מִלְחָמָה גִיהַאלְטִין מִיט דֶעם חַיִל ענגלאנד אונ עסטרייךְ פוּן מָארְגֶענְס בִּיז רֶעכְט אָבֶּענְד. אונ עֶר הָאט זֵייא גוֹבֵר גִיוֶועזִין. פִיל חַיִל זֶענֶען גִיהַרְגֶעט גִיוָוארִין אִין 15 הוּנְדֶערְט הָאט מאסענע גִינוּמֶען אִין גִיפֶענְקְעְנִישׁ אונ פִיל קַאנָאנֶען אונ צָרְכֵי הַמִּלְחָמָה זֶענֶען גִיפַאלִין בַּיא דִיא פְרַאנְצוֹיזֶען. אונ פוּן 10 טֶען בִּיז דֶעם 15 טֶען אַפְּרִיל הָאט עֶר עֶטְלִיכֶע מִלְחָמוֹת גִיהַאט. אונ אִין אַלֶע מִלְחָמוֹת הָאבִּין צרפתים גִימַאכְט מַכַּת חֶרֶב וְהֶרֶג וְאַבְדָן. נָאךְ הֶער הָאבֶּען זִיךְ פוּן נֵייעֶן אֵיינְגִיזַאמִילְט ענגלענדער אונ עסטרייכער צוּם מִלְחָמָה. אוּנ זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז דֶער אֵיינֶער בַּארִמְקֶער

לייב דאס איז נאפאלעאן גייט אליין פון זיין וואוננג האבין זייא באלד זייער מוטה אן גיוואורין אונ זייא זענען צוא לאפין גאר אן מלחמה. אונ אלע צרכי מלחמה האבין זייא גילאזט אויף דיא פעלדער:

דאס קאן גאר קיין מענש זיך פארשטעלין וויא דיא צווייא מלכים ענגלאנד אונ קייזער עסטרייך האט גיקרענקט אז זייא קאנען ניט בעשטיין קעגין צרפת אונ זייא האבין ווידער נאך מעהר חיל גיבראכט אויף צרפת. אזויא האט נאפאלעאן זייא גינארט אונ פון זייער מחשבה איז קיין ניצוח ארויס גיקומען פאר זייא.

דעם 13 טען מאיי 1800 איז נאפאלעאן מיט 63 טויזינד יונגע מענשין גיבורי מלחמה גיקומען בייא דעם בארג בערנהארד. אונ דער בארג איז ניט קרומליך וויא אלע בערג גאר ער איז וויא א וואנט גלייך. נון וויא גייט מען דארויף מיט קאנאנען אונ מיט פערד. אונ אזויא אמחנה כבדה מאנעזין. געשווינט איז זיין עצה גיוועזן איינציהוילין גראבע קלעצער אונ דארין אריין לייגען דיא קאנאנען אונ מיט דעם פלאן איז אלעס אפין בארג העראויף גיבראכט גיווארין מיט גרויס כיח. אונ דיא מענשין זענען גיקראכין אויף דיא הענד אונ אויף דיא פיס. דארטין אפין בארג האבין זייא איין טאג גירוהט אונ נאכהער זענען זייא אין אנאנדער זייט בערג ארויף צום שטרייט אונ זייא האבין גימאכט אלס דינג תחת חרב. אבער וויא זייא האבין ערזעהן דעם שמארקען פעסטונג באהרד זענען דיא פראנצויזין וואר פאר מורא אויס גינאנגען אונ אלע האבין זיך גירעכט אז בייא דעם פעסטונג וועט זיין זייער קבורה. נאפאלעאן האט אבער איין עצה גיגעבין מען זאל אויסשפרייטען דיא גאנצע וועג ביז אין פעסטונג מיט שטרויא אונ מיט קליידער כדי אין פעסטונג זאל ניט גיהערט ווערען זיין אן קומען אונ דיא הארמאטין זענען אויף בעדעקט גיווארין כדי דיא ליכטיגקהייט פון דיא מעש זאל ניט גיזעהן ווערען. אונ וויא דאס איז גישעהן איז ער פלוצלינג געקומען אויף מלחמה: אונ ער האט דעם פעסטונג חרוב מוחרב גימאכט. פיל זענען גיהארגעט גיווארען פיל זענען צוא לאפין. אונ פיל צרכי מלחמה איז גיבליבען בייא דיא פראנצויזין. אין דעם צווייא טען יוני 1800 איז ער גיקומען קיין מיילאנד אונ דארט האט צרפת אויסגיהארגעט 3000 עסטרייכער אונ 6000 גיפאנגען. אבער באלד דארויף האבין זיך דיא עסטרייכער גישטארקט אויף דיא צרפתים אונ זייא האבען אמכה רבה גימאכט אין דיא צרפתים. אונ זייא האבין זיך שוין מייאש גיוועזין פון זייער לעבין אבער וויא נאפאלעאן איז זעלבסט

גיקומען

גיקומען צום תיל . אזויא איז ווייטערע קערפער גישטארקט גיווארין אונ זייא האבען ווייטער גרעסיגען צארין דאס מאל אויס גיגאסין אויף דיא עסטרייכער געפעהרליך אין פראנצויז האט גישלאגען 30 עסטרייכער אונ דער אלטער מעלאס עסטרייכער קאמאנדיר . איז גינעטהיגט גיוועזין זעלבסט קומען צוא נאפאלעאן אונ בעטען אויף שלום א״ג נאפאלעאן האט ממלא גיוועזן זיין רצון ווייל ער וואר איין זקן כמלחמה . אונ אזויא האט ער דעם צווייטען מאל גינומען מיט זיין שווערד מדינת מיילאנד אונ איטאליא אונ דיא איינוואהנער האבין דעם צווייטין מאהל גישוואוירען אז זייא זאלין אים טרייא זיין . אונ זיינע הוקים איז פון נייען גישטארק גיווארין . אונ ער האט זיין כבוד גאר איבערנאיים באנייט אונ ער האט גילאכט זיינע יענעראלין אין דיא מדינת כאן ער איז גיקומען נאך פאריז מיט שמחה .

נון ליבע לעזערס בעטראכט דעם שטאנד פאן צרפת פאר צווייא הדשים צוריק אז ער האט גיבעטין אייף שלום האט מעו כון אים גילאכט . אונ זעהט וואס ער האט אין דיא צווייא הדשים גוטעז גיוועזן . לאלפים ולרבבות מענשין זענען אונטער זיין שווערד גיפאלין גרויסע פעסטינגען האט ער גילאכט פארקערין . אונ פיל מדינות האט ער אפגענומען פאר צרפת אונ פיל גאלד אונ זילבער האט ער נאך צרפת גיבראכט וויא שטרויא .

נאך אבער ווייל דער שלום איז גיוועזין צוא שווער פאר דעם קייזער עסטרייך דרום האט ער אין שטילין זיך מכין גיוועזין צוא אמלחמה גרויסע אויף צרפת אונ וויא נאפאלעאן האט דאס דערגאנגען פאן זיינע שפיאנען . אזויא האט זיין צארין גיברענט אונ האט געשיקט איין גרויסין חיל אונטער צוא ברענגין דעם קייזער עסטרייך ביז צום גרונט . אונ וויא קייזער עסטרייך האט גיהערט פון דיא בשורה . אזויא האט ער גישווינד גישיקט איין שליח צוא נאפאלעאן אז ער זאל נאך דיא מלחמה אפהאלטין אונ האט אים במשכון גיגעבין דרייא פעסטונגער . אונ נאפאלעאן האט אים גיגעבין מנוחה אויף 15 טאג . אונטער דיא צייט איז גיקומען פון קייזער רוסיא צו נאפאלעאן איין בריף . אז ער וויל העלפין . צוא גיין אויף ענגלאנד צוא מלחמה ווייל ענגלאנד רייצט יעדין צוא מלחמה . אונ דאפיר וואס ענגלאנד שטעקט זיך אין אנדערע קריג אריין .

(תמוז ימי השלום אמר נאפאלעאן) וויא דיא 17 טעג איז גיענדיגט גיווארין האט נאפאלעאן גישיקט זיין חיל אויף מלחמה על עסטרייך א״ן דעם דריטין דעצעמבער איז איין מלחמה כבדה גיוועזן . אז 70000 צרפתים . מיט הונדערט טויזנד עסטרייכער האבין זיך גישלאגין

גישלאגין מיט דיא שווערדין אונ מיט באגנעטין . אנת 10000 פראנצויזין זענען גיפאלין אבער אלעם לעצט האבין זייא דאך גובר גיזעזן אונ דיא עסטרייבער זענען צוא לאפין גיווארין אונ 7 טויזינד מאן מיט 100 קאנאנען איז גיפאלין אין דיא הענט פון דיא צרפתים בקיצור . חיל צרפת האבין גימאכט הרג רב . ווא זייא האבין זיך גיקערט , אונ קיין מאל האט מען זייא גובר גיוועזין . אונ אין דיא מלחמה האט נאפאלעאן נאך פרישע לענדער אונ פעסטונגען גינומען . אויך דער גרויסער פעסטונג מאנטובה איז גיפאלין צוא נאפאלעאן דעם 9 טען פעברואר איז דאך שלום גישלאסין גיווארין . אונ די שטאט לינעוויל אין מדינת בעלגיאן . אונ פאלקענשטיין אונ דער טאהל פעיך אונ דיא לאנד לומבארדיע. אונ אנדערע פיל שטעט פון אשכנז איז גיפאלין לחלק נאפאלעאן . נון זעהט איהר לעזערים דער קייזער עסטרייך האט זיך גיוואלט בעסער מאכין לכוף האט ער זיך פיל ערגער גימאכט . פיל מלכים האבין מיט אים שלום גימאכט אויך אלכסנדער קייסער רוסיא האט מיט אים שלום גימאכט אונ ווען ענגלאנד וואלט מיט אים אויך שלום גימאכט דען וואלט שוין שלום גיוועזין אין גאנץ איירפא :

וויא נאפאלעאן איז גיקומען מיט זיין גרויס הצלחה קיין פאריז אונ אלע שי . . י איירפא זענען אונטערטאן גיווארין אונטער אים אז פאהר פאר זיין נאמען האט מען מורא גיהאט אזויא איז אלס גרעסער גיווארין . יא קנאה פון שרי צרפת אויף אים אונ זייא האבין אים גיוואלט הרגנן אים שטילען :

הערט צוא מיט גידולט וואס פראנקרייך האט גיוואלט דעם נעדעגין מאן אבטאן . אונ איבערהויפט דיא משפחה פאן גיהרגטין מלך . דיא ליבהאבער פון לודוויגין .

זייא האבין אבגירעט מיט איין מעלער וועלכער ציט אפ דיא גישטאלט פון מענשין אז ער זאל בעטין נאפאלעאן זיך צוא לאזין אפציען זיין גישטאלט אונ בשעת מעשה וויא נאפאלעאן וועט זיין דארין פארטראכט זאל ער אים שטעכין . זייא האבין דאס אויף גיוויס גיהאלטין אבער זיין הצלחה האט פון זייא גילאכט דער מעלער האט אים אפגיצויגין אונ האט ניט פאספיעט אים צוא שטעכין מחמת זיין אימה איז אויף אים גיפאלין . אונ נאפאלעאן האט זיך אויפגיהויבין פון שטול . וויא דער מעלער האט גיזעהן אז זיין מחשבה איז ניט ערפיהלט גיווארין . אזויא האט ער צוא אים גיזאגט אז ער זאל זיך ווידער זעצען אפין שטול דען עס פעלט נאך עטוואס צוא רעכט מאכין אבער זיין הצלחה האט אוים אים גירעט מען דארף ניט מעהר בעסער

צו אונ

מאכין אונ ער גאב דעם מעלער 6000 פראנקין פיר דיא ארבייט ער גינג אין מיט טרויעריקייט אהיים. ווידער האבין זייא גידונגען ...טען אז זייא זאלין אים אין טעאטער הויז שטעכין. האט אים איי..ער ענטדעקט אונ דיא אלע לייטע זענען גיזעטץ גיווארין אין אי..ערנע קייטין. ווידער האבען זייא גימאכט מאשינין אין דיא ערד ווא ער דארף גייטיג גיין אז אויף דיא ערטער זאל ער גיהרגט ווערין. אונ דאס איז אויך ענטדעקט גיווארין צוא נאפאלעאן אונ זייא זענען בעשטראפט גיווארין אונ זייער עצה איז פארנארישט גיווארין. דעם 29 טען דעצעמבער דעם געוויסין טאג וואס זייא האבין געוואוסט אז נאפאלעאן וועט פאהרען אויף טעאטער האבין זייא בייא איין ווינקיל גאס אין איין אייגען ארט גישטעלט איין פאס מיט פולווער אונ דאבייא שוועבעל מיט קוילין אונ איין מאן מיט זיין נאמען רעשאן איז דאבייא גישטאנען צוא זעהן וויא נאפאלעאן וועט זיין נעבין דעם שטעל זאל ער אן צינדען דיא פולווער דען וועט געוויס נאפאלעאן גיהרגט ווערען. אבער זיין גרויסער גליק האט גיגעבין איין געדאנקען צוא זיין פוהרמאן ער זאל אויף דיא העכסטע ארט גישווינד פאהרין אלזויא האט דער פייער איהם זעלבסט ניט גיגרייכט נאר דיא אנדערי שררים וואס זענען הינטען נאך גיפארין אויך זיין גארדע פון זייא זענין גיהרגט גיווארין אויך איין פערד פון זיין קארעטע איז גיוואונדעט גיווארין. אקיצור 64 מוטערען זענען דאפון גיבראכין גיווארין אונ 8 מענשין אונ דער מאן רעשאן וואס ער האט אן גיצונדין דיא פולווער איז גיוואונדעט גיווארין. הכלל היוצא וואס זיינע שונאים האבין אויף אים גיגראבין האבין זייא דאמיט גאר ניט אויסגעפירט אונ עס איז אלס ערקונדיגט גיווארין וויא צום בעסטין. אונ זייא האבין דאפיר זייער לעבין גיגעבין. 3 מייל פון פאריז. איז גיהערט גיווארין דער גרויסעלמער קלאפ פון דיא פולווער. אויך דיא מעשה פון מעלער וואס ער האט אים גיוואלט ממית זיין איז דער גאנגען גיווארין. אונ האט זיין גוטען פסק גיקריגען. דיא רעכט שולדיגע זענען גיטייט גיווארין. אונ אויף דיא וואס מען האט ניט גרינטליך גיוואוסט זייגען 80 פון מדינת צרפת ארויס גיטריבין גיווארין נאכהער איז דיא מדינה שוין גישטילט גיווארין. אונ זיין נאמין איז זייער גרויס גיווארין. אונ זיין מורא איז אזויא גרויס גיפאלין אויף יעדין. אז קיין מענש האט זיך גיוואגעט אפילו אין זיין שלאף ציטער צוא רירין מיט זיין ווייב וועגען נאפאלעאן. נון וויא ענגלאנד האט גיזעהן אז אלע זיינע עצות וואס ער האט גיטראכט נאפאלעאן אונטער צוא ברענגען איז פארנארישט גיווארין אזויא האט ער זיך זעלבסט גיזריקט אונ

דעם

דעם 12 מען מערץ האט ער מיט נאפאלעאן שלום גימאכט אין אמיענס

אויף דיא קורצע צייט פון שלום האט נאפאלעאן גיטאהן (כל צרכי המדינה) וויא צום בעסטין פאר יעדין מענשין . אונ אידין זענען בייא אים אויך פיל תקיף גיוועזין. וויא פאר דיא פאריגע מלכים זענען אידין גיוועזין גיפאקין. אזויא זענען אידין אין זיינע יאהרין דערהויבין גיווארין :

דעם 3 טען אויגוסט 1802 האבין סענאט צוא אים אריין גישיקט אונטערשריפט פון 3 מיליאן מענשין אז ער זאל זיין מושל קאנזיל איבער צרפת צייט זיין לעבין . אונ אויסער אים איז אלע דעות בטל :

דער שלום וואס ענגלאנד האט גימאכט האט אבער גאר ניט לאנג גיהאלטין . דען אין אמת גירעט . וויא האט עס גיפאסט פאר מלך ענגלאנד . זיך צוא לאזין בייגין פון איין מענשין וואס ער איז נאר אין זיין יוגענט גיוועזין איין אונטער אפיציר מלך לאנדאן האט איין גיזאמילט 600000 מאן צוא שטרייט . אונ נאפאלעאן האט גישטעלט 400000 מאן צום שטרייט . חוץ דיא זעלנער וואס זענען גיוועזין אויף דיא שיפין צוא וואסער :

אונ ווייל ענגלאנד האט גיקענט דעם נאפאלעאן פיר איין (תקיף בדעתו) האט דער ענגלאנד דיא מלחמה נאך אלס אויף גיהאלטין . אונ האט בסתר גידונגען פיל שרים וועלכע זענין בייא נאפאלעאן . אז מען זאל אים באפאלין אונ הרגנין וויא מען הרגט איין מורד איין פושע . ליבע לעזערס וואס קענט איהר פארשטיין דיא גרויסע זאכע געלט וואס ענגלאנד האט דאפיר גיגעבין דיא עצה האט פעסט גיהאלטין . אבער ווען השי"ת וויל ניט . וואס קאנען מענשין טאן . ניכט . וויא איהר וועט באלד הערין . וויא אלע שרים זענען צוא זאמען גיקומען אין איין הויז . זיך צוא מיישב זיין . אין וועלכער צייט מען זאל אים טייטין . האט זיך גישטעלט איין גרויסער מאגנאט מאראה מיט זיין נאמען אונ ער האט גיזאגט אז ער באשטייט ניט אז נאך נאפאלעאנס טויט זאל דיא מלוכה אן קומען צוא דיא משפחה פון גיהרגטין מלך בורבאן נאר ער זעלבסט זאל זיין אויף דעם שטעל קונזעל וויא נאפאלעאן . וויא דער פארזאמלונג האבין זיך גיקריגט . אזויא איז איינער פון דיא זעלביגע מורדים ארויס פון הויז אונ איז גילאפין צום פאליצייא מיניסטער אונ האט אים דאס מגלה גיוועזין . אה לעזער .

וויא דיזע זאך איז ענטדעקט גיווארין , איז גיוועזין אפישונג

זיי

אין שטאט. אז איינער האט ני[illegible]ט פון אנדערין אונ איין געטליכע פארכט איז גיפאלין אויף אלע לעבעדיקע מענשין וועלכע אין פאריז וואהרען. דיא טויערין זענען גישווינט פארשלאסין גיווארין. ארום פאריז איז ארום גירינגילט גיווארין מיט זעלגער אונ זעלנער זענען גילאפין אין דיא גאסין וויא דיא מלאכי מות אונ מען האט נאר גיחאפט שרים. קורץ אין צווייא שטונדען זענען אלע פעסטונגען פול גיווארין מיט ארעסטירטע מענשין. אבער דיא רעכטע מורדים זענען פארט אנטלאפין נור צווייא מורדים פישיגרע אונ מאראה זענען גיחאפט גיווארין פישיגרייא האט זיך זעלבסט דערווארגען אין פעסטונג אונ אויף מאראה האט נאפאלעאן גמשפט צווייא יאהר אין קייטין צוא זיצען אונ נאכהער פון מדינה ארויס טרייבען. אבער צייט צווייא חדשים האט ער אלע מורדים אויך בארואוען גיהייסין ארויס טרייבען פון דיא מדינה. אונ האט זייא זייער לעבין גישענקט דאס איז איין גרויסער בעווייז אז נאפאלעאן איז גיוועזן בטבע אבעל חסד. ביים שלאק איז ער נאר גיוועזן וויא איין אכזרי:

מעשה נורא. איין פירכטערליכע ערצעלונג וויא דער פרינץ ענגהין איז גיהרגט גיווארין מיט נאפאלעאנס בעפעל גאר אונ שולדיג.

פרינץ ענגהין האט פארלאזין דיא שטאט פאריז אין יאהר 1789 מחמת דיא גרויסי רעוואלוציעס אונ ער איז צוא גישטאנען צוא מלך ענגלאנד אונ ער איז גיוועזין אין אלע מלחמות ענגלאנד אויף צרפת. נאר נאכהער וויא ענגלאנד האט שלום גימאכט מיט נאפאלעאן בעל כרחו האט דער פרינץ זיך מער ניט גיוואלט שטעקין אין מלחמות אונ ער האט זיך באזעצט אין שטאט עטענהיים אין לאנד בארען. אונ באמת האט ער גיוואלט זיצען בשלום. דען זענען גיקומען שלעכטע מענשין אונ האבין אויף אים פאר נאפאלעאן רכילות אן גירעט. אז דער רעכטער בונטאוויציק איז נאר פרינץ ענגהין אונ מיט זיין באפעל ווערט יעדער זאך כדי ער זאל ווערין מלך צרפת. וויא נאפאלעאן האט דיא מעשה דער הערט האט ער זיך גאר ניט מיישב געוועזין אונ וואר איבערהיילט דיזען מאל. אונ ער האט גישיקט צווייא פולקען רייטער. אונ דען 15 טען מערץ 1804 זענען זייא שטילערהייט ביינאכט דעם טייך רהיין אריבער אונ זענען דיא נאכט באפאלין דער שלאס וואו דער פרינץ איז גיוועזין אונ זייא האבין אים פון זיין געלעגער צוא גיחאפט אויך זיינע שרים וואס זענען אין זיין הויף גיוועזין אונ זענען וויא דיא מלאכי חבלה מיט אים צוריק גילאפין אונ זייא האבין אים גיבראכט אין דעם פאלאץ

ווינציגע בייא פאריז אין דעם אָרט וויא נאפאלעאנס בעפעל איז געוועזין
אז ער זאל גהרגט ווערין :

דער גרויסער יענעראל אויבעריכטער הולין פרעגט צום פרינץ
זאג מיר דעם אמת ביטטו אויך איינער פון דיא מענשין וואס ווילען
אונזער גליקליכען אונ געגעדיגען האר נאפאלעאן הרגנן :

פרינץ ענגהין ענטפערט מיט הייסע טרערין דען יר האט שוין
פארשטאנען זיין מ׳שפט. דער אמת איז בשעת איך בין געוועזין אין
ענגלאנד האב איך געשטריטען אויף צרפת. אבער זינד שלום לונעוויל
האב איך מיך געזעצט אין שטאט עטענהיים גאנץ רוהיג. אונ פון
דער צייט וויים איך ניכט פון שלעכטעס צוא טראכטין אויף צרפת
אונ אויף איר מושל. דען איך זעה אונ פארשטייא אז גאט האט
אים אויסערוועלט אז ער זאל זיין מושל צרפת אונ קעניג גאט וויל
איך ניט גיין דען דאס איז אום מעגליך :

אבער אומזאנסט האט ער זיינע גוטע ווערטער אונ הייסע טרערין
גיגאסין פאר דיא ריכטער. דען נאפאלעאנס באפעל איז געוועזין ווייניג
צוא הערען זיינע רייד. כדי ער זאל געטייט ווערדין :

וויא דער פרינץ האט געזעהן אז קיין בעטען העלפט ניט זיך
אויס לייזען פון טויט איז ער גיפאלין אויף דער ערד צוא דיא פיס
פון אויבעריכטער הולין אונ האט אים גיבעטען דעם חסד. אז מען
זאל אים ניט שיסען ביז עס וועט פון נאפאלעאן אתשובה קומען אויף
דיא טענות. פילייכט וועט ער מיט זיין חסד אים שענקען זיין לעבין.
הולין האט פיל רחמנות גיקריגען אויף דעם קרוין פרינץ אונ האט
ממלא גיוועזין זיין רצון אונ ער איז פון ריכט הויז גיגאנגען אין
זיין וואהנונג צוא שרייבען איין בריף צו נאפאלעאן. אבער אך לעזער :
איידער דער יענעראל איז צוא זיין הויז גיקומען איז גיהערט
גיוואָרין דער קיל פון ביקס וואס האט דעם פרינץ גישאסין אונ האט
זיין קאפ צוא בראכין אויף שטיקליך. דער יענעראל האט באלד אברך
גיטאן מיט דיא הענד אונ איז גיפאלין אויף דיא ערד. אונ שרייט
פרינץ ענגהין איז גישאסין גיוואָרין אך לעזער וויא נאר׳ש האב איך
גיטאן וואָרום איך האב עס שטרייענג ניט פארבאטין אז מען זאל ווארטין
אויף אתשובה :

דער אינהאלט פאן דיא היילענעס איז געוועזין ווייל דער יענעראל
סאוואריי האט זיך שטארק גיפארכטין פאר נאפאלעאנס בעפעל דרום
וויא הולין איז פון שטוב ארויס אזויא האט ער גיהייסין אים צוא
שיסען :

פאן דיא שמועה איז פאריז וואהר צוא ציטערט גיוואָרין. אלע
גוטע

גוטע פריינד פון נאפאלעאן זענען פארשעמט געווארין. אז ער זאל אזויא ארציהה טאן. אן ישוב הדעת אזעפיהנע קאמט צוא לויפין אונ סטאנציע צוא נאפאלעאן אונ זאגט מיין העררי. אונ מיין מאן ענגהין איז דאך גישעאסין געווארין אין זיא איז אין זיין סטאנציע חלשות גיבליבין. נאפאלעאן איז שטארק פארשעמט געווארין. אונ זיין צורה איז געווארין בלאס וויא איין קאלאך. אונ האט מיט איין נידריגען קול געענטפערט. דיא שוטים זענען געוועזין איבער איילט. דער אמת איז. אז זיינע תרוצים איז געוועזין פאלש דער פרינץ איז געוועזין ריין פון זינד אונ אס מערסטין איז דיא עולה גרויס געוועזין ווארום האט מען ניט געווארט אויף דיא אנטווארט פון נאפאלעאן. אונ פאר דיא עבירה איז טאקי נאפאלעאן צוא לעצט גישטראפט געווארין ווייל ער האט אים געהייסין הרגנן אן דרישה וחקירה אונ ווידער וואר דיא עולת הקאנזעל וויא אזויא האט ער זיך גינומען פרייהייט אים צוא נעהמען פאן איין פרעמדע מדינה וואס דיא פראווע דערלויבט עס גאר ניט גאנץ אייראפא איז צוא ציטערט געווארין דארויף אונ עס איז גיקאמען אהכבם פאן כל מלכי אייראפא צוא גיין אויף מלחמה אויף צרפת אונ דעם נאפאלעאן צוא הרגנן:

ער אבער האט זיך גירעכט גימאכט פאר אלע שררים מיט דיא חערטער אז כל זמן ענגהין האט גילעבט איז זיין לעבען ניט זיכער געוועזין אפילו פון שטוב מענשין. אונ דער דין איז אז ווער עס וויל דיך הרגנן מעגסטו אים פריהער הרגנן דאפין האבין זיך גיפינען פיל מורדים קעגין נאפאלעאן אבער דאס איז אלעם בעוואוסט געווארין אונ צוועלף שררים גדולים זענען גהרגט געווארין אונ אכט האט ער ארוים גיטריבין פון מדינת צרפת אונ מדינת צרפת איז געווארין ווידער שלום אונ שטיל אונ אלע מורדים וואס האבין אפילו שלעכט האבין אויך זייערע הערצער גיבראכין אונ האבין אים דווקא גליבט דען זייא זענען הונדערטע מאהל איבערגעצייגט געווארין אז זיין הצלחה איז זייער גרויס אונ זיין שר היט אים:

## הכתרת נאפאלעאן

וויא אלע שררי צרפת האבין גיזעהן אז זיין הצלחה איז זייער גרויס אונ זיין מורא פאלט אויף אלעמען. גלייך וויא פאן איין מלך האבין זייא זיך מיישב געוועזין אז מען זאל אים קריינען פאר קייזער צרפת ווארום כל זמן אז ער איז נאר אלם מושל צייט זיין לעבען וויל מען אים איבער פירין כדי מען זאל פטור ווערין פאן אים אבער

זייא באלד דיא געוועלטינונג וועט צוא אים איף אייביג געגעבין ווערין צוא זיינע קינדער אונ צוא זיין משפחה וועט דיא שנאה געשטיקט ווערין וואדום וואס וועט ארויס קאמען אז זען וועט אים ממית זיין וועט דאך זיין ברודער ווערין אקייזער אונ. עס איז געשיכט דען 18 מען מייא 1804 איז געשריבען אונ געחתמט געווארין פאן אלע שרים פון צרפת אז נאפאלעאן איז קייזער צרפת צוא אים אונ צוא זיינע קינדער וואס ער וועט האבין אונ צוא זיין משפחה צייט דיא וועלט וועט שטיין.

אונ דעם 20 טען מייא האט ער שוין זיינע פראוועס ארויס געגעבין מיט דעם נאמען קייזער אונ פאריז האט פערבראכט 30 טעג אונ שמחה דורך זיין קריינען. אויך גאנץ מדינת צרפת וואר דאמיט זעהר פריילּיך דעני ער וואר פיר יעדין וויא איין פאטער אלם מיט חסד אונ מיט רחמים.

אונ נאכהער איז געקאמען דער פאפס פון רוים אונ האט באניים דיא קרוינאציע אונ ער האט אים זעלבסט געזאלבט צוא ליב דיא גרוים שמחה האבין דיא ארמע לייט וואר פארגעסין זייער ארמיט דען מען האט נאר לוסטיג געלעבט אויף קייזערליכע הוצאות. טויזינד מענשין פון וייטע לענדער זענין געקאמען צוא זעהן דעם כבוד פון דיא קראנאציע.

דען צווייטין דעצעמבער וואס עס איז געוועזין אויסגעזעצט אז דער פאפס זאל אים אן טאן דיא קרוין האט וואר דיא ערד געציטערט פון גרוים פארזאמלונג אונ פון דיא רוישינג פון דיא הארמאטין, אונ האטצי דיזע צייט איז געוועזין גרוים רעגין פון דעם וועגין האט קיינער ניט הם געהאט אויף זיינע שיינע קליידער וואס עס וועט צים שטראנד גיין. נאר אלע זענין געשטאנין אפען נאס. אונ דער רעגין האט אויף זייא געפליסט. ווּאונדערבאר וויא נאפאלעאן איז נור ארוים פון זיין סטאנציע זיך צוא זעצין אין זיין קארעטע צוא פארין צוא דעם ארט וויא מען דארף אים קריינען. אזויא איז מיט איין מאהל צוא שפרייט געווארין דיא וואלקין אונ דיא זון האט איהרע זונריקע שטראלין געווארפין אונ דיא גאסין. אונ אין איניגע מינוטין איז דיא דארף גיגעצטע קליידער טריקען געווארין. נאך איידער זייא זענען געקומען צוא דעם קראנאציע ארט זענען אלע טריקען געווארין. צוא דעם וואונדער האבין אלע מסכים געוועזין אז דאס איז אסימן גדול אויף זיין הצלחה.

וויא דער פאפס פון רוים האט זיך מכין געוועזין צוא נעמין דיא קרוין אונ צוא טאן אויף נאפאלעאן דער וייל האט נאפאלעאן

וועלכם

זעלבסט גינומען אונ האט אויף זיך זיין קרוין אן גיטאן . אונ נאכהער האט ער אן גיטאן צוא זיין ווייב . דער כהן זקן איז זעהר פערשעמט גיווארין . דאן האבין אלע שררים גיזעהן אז ער וועט שוין זיין אמושל ביד חזקה . זייא האבין שוין חרטה גיהאט . אבער נאך דער צייט נאך קראנאציע . האבין דיא מדינה לייט גיהולעט . אונ פון דער צייט אן האט ער זיך שוין גירופין קייזער צרפת . אונ זיין מורא איז גיפאלין אויף יעדען וויא מען דארף מורא האבין פאר א קייזער :

~~~~~~~~~~~~~~~~~~~~~~~~

קייזער רוסיא האט אויף גיזאגט צום קייזער צרפת א איף קריג . אונ מלך שוועדין האט אריין גישריבען צום קייזער צרפת מיט דעם לשון . זאלסט וויסען מיין העררב אנעפארטע אז איך בין גרייט צוא מלחמה אויף דיר אונ איך בין שלום מיט קייזער רוסיא . איהר לעזערס דארפט וויסען אז ער האט צוא אים זעהר פראסט גישריבין אונ בפרט ער קען דאך זיך . אונ ער קען דאך גוט נאפאלעאן . נון וויא אזויא האט ער זיך גיוואגט צום קייזער גיבור חיל שרייבען . הערר באנעפערטע .

נון קייזער צרפת האט דיא מדינה באלד מודיע גיוועזין מיט ציימונג דעם אינהאלט וואס קייזער רוסיא וויל פון אים . דער צוועק דער פון האט גאר קיין ווערט ניט אז מען זאל דאפיר מלחמה האלטין אונ דער אמת איז ער זוכט נאר אבלבול . דערום בין איך גינייטיגט גיין אויף מלחמה :

דען 18 מען יולי . 1804 איז קייזער צרפת גיקומין אין זיין גרויסע מחנה בייא בולאנייא אונ דארטין האבין זייא באנייט מיט שמחה זיין קראנאציע . אונ זייא האבין זיך נאך איין מאהל צוא גישווארין אז ביז זייער לעצטין בלוט וועלין זייא שטיין פאר זייער קייזער :

דען 25 מען אויגוסט האבין זיך דיא זעלנער גיזעצט צום שיף צוא גיין אויף שטרייט . זייא זענען צוא מאהל נאך ניט אלע ארויף אויף דיא שיפין . אין דעם דער זעהן זייא אז ענגלענדער שיפין קאמען אן צום שטרייט וויא אפייל פון בויגין זינד אלע שיפין פון צרפת גישטעלט גיווארין צום שטרייט אונ זייא האבין גישאסין אויף דיא ענגלענדער שיפין אונ אלע ענגלענדער שיפין זענען צום שטראנד גיגאנגען אונ אלעם איז אין טיפען ים אראפ :

נון ליבע לעזערס דא ווייסט איהר שוין זיין ערשטע הצלחה נאך
~~~~~~~~~~~~~~~~~~~~~~~~

נָאךְ דֶעם וִויא עֶר אִיז קֵייזֶער גִיוָוארִין. וִויא עֶר הָאט דֶעם ענגלענדער דִיא פְלִיגִיל אַרָאפּ גִישְׁלָאגִין אוּנ וַוייטֶער וֶועט אִיהְר נָאךְ גְרֶעסֶערֶעס הֶערִין. וִויא זַיין הַצְלָחָה הָאט אִים גִידִינְט.

וִויא מֶלֶךְ ענגלאנד אִיז עֶרְפַאהְרֶען פוּן דֶעם קְלַאפּ הָאט אִים דִיזֶעס וֶועהְר גֶעגְרִיבְט ענגלענדער מֶעכַאנִיקֶעס הָאבִּין גִימַאכְט מַאשִׁין אַרְבֵּייט 44 שִׁיפִין זָאל זַיין בֶּעלָאדִין מִיט פּוּלְוֶוער אוּנ קַארְטֶעצִין אוּנ שְׁוֶועבֶּעל אוּנ דָאס אִיז אַזוֹיא צוּא רֶעכְט גִימַאכְט גִיוָוארִין מִיט סַם פַייֶער אַז וִויא דִיא שִׁיפִין וֶועט זִיךְ נוּר אָן רִירֶען אָן דִיא פְרַאנְצֶעזִישֶׁע שִׁיפִין אַזוֹיא בַּאלְד וֶועלֶען זֵייא זֵייעֶרֶע קוֹלִין אַלֶעס מִיט אֵיין מָאהְל אוֹיסְשִׁיסֶען אַז פוּן דִיא שִׁיפֶען צרפת זָאל קֵיין גַאנְץ בְּרֶעט נִיט בְּלַייבִּין:

גוּט גִיטְרַאכְט. גוּט גִימַאכְט. אָבֶּער דָאךְ נִיט אוֹיסְגֶעפִירְט.

דֶען וִויא דִיא בֶּעלָאדֶענֶע 44 שִׁיפִין הָאבִּין אָן גִיהֵייבִּין צוּא פְלִיהֶען אָפֶען וַואסֶער קֶעגִין נאפאלעאנס שִׁיפִין הָאט פְרַאנְצֶעזִישֶׁער שִׁיף קָאמֶענְדִיר מִיט גְרוֹיס גִישְׁווִינְדִיגְקֵייט צוּא שְׁפְּרֵייט זַיין פְלָאטֶע אַז דִיא ענגלענדער שִׁיף הָאט זִיךְ נִיט גִיקְרִיגִין אָן צוּא רִירֶען אִין זַיין פְלָאטֶע. אַז דִיא 44 שִׁיפִין זֶענֶען דוּרְךְ גִילָאפִין אִין דִיא בְּרֵייטֶע וֶועג וָואס מֶען הָאט פַאר זֵייא גִילָאסְט אוּנְוִויסֶענְדִ. אוּנ פוּן גְרוֹיס הִיץ וָואס עֶס אִיז צוּא רֶעכְט גִימַאכְט גִיוָוארִין אוּנ דִיא 44 שִׁיפִין אִיז דֶער פַייֶער אַרוֹיס אוּנ דִיא 44 שִׁיפִין זֶענֶען צוּא שְׁפְּרוּנְגֶען גִיוָוארִין אוֹיף קְלֵיינֶע שְׁטִיקְלִיךְ. דֶער יַם אַגֶעגֶענְד פוּן 50 מַייל רִינְג אַרוּם הָאט בַּאפִין גִיקָאכְט וַואר וִויא אֵיין זוּדִיגֶער קֶעסִיל. זֵייא. מִיט זֵייעֶר גְרוֹיס פֶּערְבְּרֶעגִין זֶענֶען דֶערְטְרוּנְקֶען גִיוָוארִין זֵייא זֶענֶען גִירִיכְטֶעט גִיוָוארִין מִיט פַייֶער אוּנ מִיט וַואסֶער אוּנ צוּא נאפאלעאנס שִׁיפִין אִיז דָאס מִינְדֶעסְטֶע שָׁאדִין נִיט גִיוֶועזִין:

לִיבֶּע לֶעזֶערְס הָאטְצִי אִיר זַייט דָאךְ שׁוֹין עֶרְפַאהְרֶען אַז בִּיז אַהֶער הָאט מֶלֶךְ ענגלאנד נָאר נִיט אוֹיסְגֶעפִירְט קֶעגֶען נאפאלעאן. אוּנ קֵייזֶער צרפת הָאט אִים שְׁטֶענְדִיג גוֹבֵר גִיוֶועזִין דֶעסְט וֶועגִין הָאט נאפאלעאן אוֹיךְ דִיזִין צְוֵוייטִין מָאל גִיבֶּעטִין עֶר זָאל מִיט אִים שָׁלוֹם מַאכִין. דֶען וָוארוּם זָאל פִיל אוּמְזִיסְטֶע בְּלוּט פַארְגָאסִין וֶוערִין. אָבֶּער עֶר הָאט אִים אָפְּגִישְׁרִיבֶּען אַזֶעלְכֵי בְּרִיף וָואס עֶס אִיז לַייכְט צוּא פַארְשְׁטֵיין אַז עֶס וֶועט קֵיין שָׁלוֹם זַיין. דָאס הֵייסְט מִיטֶען מוֹיל אִיז שָׁלוֹם אוּנ אִין הַארְצִין אִיז גְרוֹיס שִׂנְאָה:

בְּקִיצוּר כָּל מַלְכֵי הָאַדִירִים הָאבִּין זִיךְ צוּא זַאמֶען גִירֶעט צוּא גֵיין אוֹיף מִלְחָמָה אוֹיף קֵייזֶער צרפת. עֶרְשְׁטִין וָוארוּם הָאבִּין זֵייא גִיגֶענְט קֵייזֶער צרפת. צרפת הָאט דָאךְ נָאר דֶעם טִיטִיל מֶלֶךְ. וִוידֶער

וָוארום הָאבִּין זֵייא זִיךְ צוא נִינָאמִין פְּרֶעמְדֶע לֶענְדֶער מִיט גִיוַואלְט. דְרִימֶען מֶען זָאל דִיא מְלוּכָה ווִידֶער קֶערִין צוא דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן דֶעם גִיהַרְגֶעטִין מֶלֶךְ. אונ נאפאלעאן זָאל גִיטֵייט וֶוערִין. דֶער פַּאר וָואס עֶר הָאט גִילָאזְט שִׁיסֶען פְּרִינְץ ענגהִין.

בֶּאֱמֶת הָאט נאפאלעאן צוא גִישְׁרִיבֶּען אונ גִיבֶּעטִין אויף שָׁלוֹם. אָבֶּער ווַיְיל זֵייא הָאבִּין אִים קֵיין רֶעכְטֶע תְּשׁוּבָה גִיגֶעבִּין אַזויא הָאט עֶר בֶּעפֶעלְט אַלְס גְרוֹיסֶער קֵייזֶער זַיין חַיִל זָאל אָנְהֵייבֶּען צוא גֵיין אִין דִיא שְׁטֶעלִין וְוא עֶר הֵייסְט וִויא דֶער קֵייזֶער אִיז גִיקוּמֶען צְווִישֶׁען זַיינֶע הַארְמֵייעֶן. אַלְזויא הָאט עֶר גְזָאגְט בַּאלְד בַּיים עֶרְשְׁטִין שְׁלַאק וֶועלֶען מִיר צוא שְׁפַּאלְטִין אונְזֶערֶע שׂוֹנְאִים. וִויא אֵיין לֵייב צוא רֵייסְט אֵיין צִיקֶעלֶע אונ עֶר הָאט זֵייא דְרִיקְלִיךְ גֶעזָאגְט אִין וֶועלְכִין שְׁטֶעל צרפת וֶועט גוֹבֵר זַיין. אונ אִין וֶועלְכֶען אָרְט צרפת וֶועט מוּזִין לויפִין אַקֶארַאד וִויא אֵיין נָבִיא. הָאט עֶר אַלְס גִיזָאגְט. אונ עֶס גִישָׁאה בַּאלְד בַּיים עֶרְשְׁטִין שְׁלַאק. הָאבֶּען דִיא צרפתים מְמַלֵא גִיוֶועזִין וִויא זֵייעֶר קֵייזֶער הָאט גִיזָאגְט. אִין אֵיין שְׁלַאק זֶענִין גִיוֶועזִין זִיבֶּען טויזִינְד צרפתים. אונ זֵייעֶרֶע שׂוֹנְאִים זֶענֶען גִיוָועזִין 20 טויזִינְד. פוּן דֶעסְט וֶוענֶען הָאבִּין דִיא צרפתים גוֹבֵר גִיוֶועזִין אונ זֵייא הָאבִּין גִינוּמֶען אִין שְׁבִיָה 5 טויזִינְד שׂוֹנְאִים מִיט זֵייעֶרֶע צָרְכֵי מִלְחָמָה אונ מִיט זֵייעֶר רֵייכְטְהוּם.

דֶען 14 אָקְטָאבֶּער זֶענֶען דִיא פְרַאנְצויזֶען וִויא דִיא פַארְהוּנְגֶערְטֶע וֶועלְף בֶּעפַאלִין אויף זֵייעֶרֶע שׂוֹנְאִים אונ זֵייא הָאבֶּען אַגְרוֹיס שְׁלַאכְטוּנְג גִימַאכְט עֶס וַואר נִיט לֵיידִיגֶע עֶרְד וְוא צוא גֵיין. נָאר מֶען הָאט גִימוּזְט טְרֶעטִין אויף דִיא גִיהַרְגֶעטֶע מֶענְשִׁין. אונ דֶער צוא נָאךְ 3 טויזִינְד מַאן מִיט 20 קַאנָאנֶען זֶענֶען אִין גִיפַאנְגְנִים גִיפַאלִין בַּייא דִיא צרפתים. דֶען 15 טֶען אָקְטָאבֶּער אִיז דֶער שַׂר הַצָּבָא נייא מִיט זַיין פָאלְק גִיגַאנְגֶען צוּם פֶעסְטוּנְג אילם מִיט דִיא שָׂרֵי הַחַיִל גִבּוֹרֵי מִלְחָמָה. דיפאנט ואנעה מארמאנט זולט מוראט הָאטְצִי דֶעם טָאג הָאט גִירֶעגִינְט וִויא אַמַבּוּל. דֶעסְט וֶועגִין זֶענֶען זֵייא גִיגַאנְגֶען אונ הָאבִּין נִיט גִישְׁטֶערְט דֶעם קֵייזֶערְס בַּאפֶעל. דֶען 17 אָקְטָאבֶּער הָאבִּין זֵייא גִיפְרָאבִּירְט אַרַיין שִׁיסֶען עֶטְלִיכֶע קַארְטַאצִין אִין פֶעסְטוּנְג. אָבֶּער עֶס הָאט נָאךְ נִיט גֶערִירְט. אונ ווַייל דֶער קֵייזֶער אִיז גִיוֶועזִין שְׁטֶענְדִיג אִין הַתְחָלָה מִיט חֶסֶד. הָאט עֶר גִישִׁיקְט אֵיין שָׁלִיחַ צוא דֶעם יֶענֶעראל מַאק וָואס אִיז אִיבֶּער דֶעם פֶעסְטוּנְג. אַז עֶר זָאל נִיט לָאזִין חָרוּב מַאכִין דֶעם פֶעסְטוּנְג אונ זָאל בְּשָׁלוֹם אִיבֶּערְגֶעבִּין. יֶענֶעראל מאק הָאט אִים

אָבֶּער גִּיעֶנְטְפֶערְט . פִיר דֵיינֶע קַאנָאנֶען הָאט דֶער פֶעסְטוּנְג קֵיין מוֹרָא . אוּנ כָּל זְמַן מִיר וֶועלִין הָאבִּין צוּא עֶסֶען קֶען אִיךְ דִיר נִיט אִיבֶּער גֶעבִּין מִיט גוּטֶען . מאק הָאט ווִירֶער גִּיוואוּכְט אַז דִיא רוּסִין דַארְפִין קוּרְצְלִיךְ קוּמֶען צוּא הִילְף . דֶערוּם הָאט עֶר מִיט עַזּוּת גִּיעֶנְטְפֶערְט נוּן זֶענֶען דִיא קַאנָאנֶען לויז גִיגַאנְגֶען אוּנ 8 טוֹיזִינְד פוּן מאקס חַיִל זֶענֶען גִיפַאלִין טוֹיט . מאק הָאט גוּט גִיזֶעהְן אַז עֶר קֶען נִיט בַּייא שְׁטֵיין קֶעגִין דִיא פְרַאנְצֶעזִישֶׁע הַארְמַאטִין . דֶען זֵייא שְׁפַּייֶען מִיט פַייֶער אוּנ מִיט טוֹיט . אַזוֹיא הָאט עֶר דֶעם 19 אָקְטָאבֶּער אִים אִיבֶּערְגִיגֶעבִּין דֶעם פֶעסְטוּנְג . יֶענֶערַאל מאק הָאט זֶעלְבְּסְט גִירֶעט מִיט קֵייזֶער נאפאלעאן . אוּנ עֶר הָאט אִים גִיזָאגְט . נִיט דוּא בִּיסְט שׁוּלְדִיג . אוּנ נִיט מַיין הַאר . קֵייזֶער עסטרייך אִיז שׁוּלְדִיג אִין דִיא מִלְחָמָה . דֶען אִיךְ ווֵייס אַז עֶר הָאט נִיט גִיוָואלְט מִיט מִיר מִלְחָמָה הַאלְטִין . נָאר ענגלאנד הָאט דָאס אִים אָן גִירֶעט . אוּנ מאק הָאט אִים עֶרְקוּנְדִיגְט . אַז דִיא מִלְחָמָה קוּמְט נָאר פוּן קֵייזֶער רוּסְיָא אַרוֹיס דַאן הָאט נאפאלעאן גִיהֵייסִין אַז זֵייא זָאלִין פוּן זִיךְ אָפּ טוּעֶן זֵייעֶר גִיוֶוער . אוּנ זָאלִין בְּשָׁלוֹם גֵיין וִויא זֵייא ווִילִין .

אַךְ וִויא פְרֵיילִיךְ וַואר צוּא דִיא צֵייט קֵייזֶער צרפת . אַז זַיינֶע אוֹיגִין הָאבִּין גִיזֶעהְן אַז 16 יֶענֶערַאלִין מִיט 30 טוֹיזִינְד זֶעלְנֶער גֵייעֶן אַרוֹיס וִויא דִיא אֲבֵלִים פוּן זֵייעֶר שְׁטַארְקִין אָרְט . דִיא מַפָּלָה פוּן בֶּערִימְטֶען פֶעסְטוּנְג אוּלם אִיז אוּנְבֶּעשְׁרֵייבְּלִיךְ דָא שְׁטֵייט אַלְם בְּקִיצוּר וָוארוּם אַלֶעם דַייטְלִיךְ דַארְף מֶען כַּמָּה בּוֹיגִין פַארְשְׁרֵייבֶּען . נַאכְהֶער הָאט דֶער קֵייזֶער בֶּעדַאנְקְט זֵיינֶע שָׂרִים אוּנ דִיא זֶעלְנֶער פַאר דִיא טְרֵייהֵייט . אוּנ הָאט זֵייא גִיבֶּעטִין אַז זֵייא זָאלִין אוֹיךְ וַוייטֶער טְרֵייא זֵיין קֶעגִין דִיא מִלְחָמָה וָואס עֶר הָאט קֶעגִין דִיא רוּסִין .

דֶער גְרוֹיסֶער יֶענֶערַאל מאבענא הָאט גִיהֶערְט דִיא גְבוּרוֹת פוּן יֶענֶע יֶענֶערַאלִין בַּיים פֶעסְטוּנְג אוּלם זָאגְט עֶר צוּא זִיךְ זֶעלְבְּסְט מִיט וָואס זָאל אִיךְ גִיאַכְטֶעט זֵיין בַּיים קֵייזֶער צרפת . אַז אִיךְ הָאבּ נָאךְ קֵיין גְרוֹיסֶעס בֶּעווִיזִין אַזוֹיא הָאט עֶר דֶען 31 אָקְטָאבֶּער מִיט לֶעבְּהַאפְטִיגְקֵייט אֵיין מִלְחָמָה גִימַאכְט . אוּנ הָאט פוּן זַיינֶע שׂוֹנְאִים גִימַאכְט וִויא פְלֶעוֶעס פוּן ווִינְט אוּנ 5 טוֹיזִינְד הָאט עֶר בִּשְׁבִיָה גִינוּמֶען :

אוּנ מוראט הָאט דֶען זֶעלְבֶּען 31 אָקְטָאבֶּער גִימַכְט אֵיין מִלְחָמָה מִיט דִיא רוּסִין זֶענֶען זֵיי גִילָאפִין פוּן אִים . ווַייל זֵיי הָאבִּין זִיךְ גָאר גִיפָארְכְטִין צוּא שְׁטֶעלִין זִיךְ צוּם שְׁטְרֵייט . צוּא דִיזֶע צֵייט הָאט קֵייזֶער עסטרייך גִיבֶּעטִין פוּן קֵייזֶער צרפת וָואפֶענְשְׁטִיל שְׁטַאנְד אָבְּהַאלְטוּנְג . אָבֶּער נאפאלעאן

נאפאלעאן האט גיענטפערט. ניט איצט איז די צייט אָבהאלטען בקיצור גירעט.

כל הפלאנען וואס דיא מלכי הברית האבען געטאן. איז ניט בייא געשטאנען קעגען חכמת נאפאלעאן אונ עס געשאה נאפאלעאן איז געקומען מיט דרייא הונדערט טויזענד מאן קיין ווין. קעניגרייך שטאט פון עסטרייך. אונ דיא בירגער האבען אים מקבל געוועזין בכבוד ובשמחה וויא עס איז ראוי צוא זא איין גבור מלחמה נאפאלעאן האט שטרענג פארבאטין זיינע זעלנער זייא זאל ניט אן רירען קיין מענשין צוא שלעכט אונ זאלין ניט רירען פאן קייזערליכע זאכען ווארום אין ווין איז געפונען געווארין 2 טויזענד קאנאנען 100 טויזענד ביקסען הונדערט זעכציג טויזענד באמבעס 600 טויזענד קוילין צוא קאנאנען היינט פיל מאגאזינען האבען זיינע זעלנער דאס געוואלט צוא נישצין אבער ער האט ניט געהייסין.

באלד אויף מארגין נאך זיין אריין קומען אין ווין האט ער געמאכט פון זיינע שררים מושלים אונ ווין אונ זיינע פראוועס צוא טאן גלייך וויא ער וואלט זיין קייזער עסטרייך פאן לאנגע יאהרין.

אונ פראנציזישע יענעראלין וועלכע אויף דיא מדינה זענען צוא שפרייט געוועזין האבין טאג טעגליך מלחמה גיפירט מיט דיא עסטרייכער אונ מיט רוסין אונ שטענדיג איז געוועזין יד צרפת אויבין את רעם 17 טען נאוועמבער האט נאפאלעאן געשטעלט מקום כבודו צוא רוהען אין צנאים. אונ זיינע יענעראלין זענען געוועזין אין ווין.



## מלחמת אויסטערליץ

איהר דארפט וויסען ליבע לעזערס דאס אויסטערליץ איז קיין פעסטונג. אויך קיין גרויסע שטאט. דאס איז איין קליין שטעטיל אבער דיא מלחמה וואס עס וואר נעבען דיא שטעטיל. איז זייער גרויס אונ פורכטבאר דיא מלחמה האט אשם אויף דער וועלט:

קייזער רוסיא הנכבד האט געשיקט איין יענעראל מיט זיין נאמין דולגא חצק צוא נאפאלעאן שלום צוא מאכין. אונ ווייל דער יענעראל האט געזעהן אז נאפאלעאנס חיל ציען צוא ריק. וויא ער האט זייא בעפעלט כדי דער חיל זאל אלער וועגין שטיין מיט כח צום שטרייט. האט ער גאר גימיינט אז זייא לויפין פון מורא פאר דיא רוסין אלגוים

האט

האט ער נאר גיביטין זיין העריגם רייד · אונ ער האט נאר גיזאגט אז קייזער רוסיא בעט אז ער זאל אפטרעטין פון איטאליא . אונ זאל עס אפ געבין צום קיניג סערדינא . דעם קייזער צרפת האט דיא ווערטער גיברענט . אונ ער האט גיזאגט איך פארשטייא ניט דעם קייזערס גידאנקען . נאך ניט גינוג . אז דיא מלכי ברית קענען דיא שטאט ווין פון מיר ניט אוועק נעמין . נון בעטען זייא פון מיר נאך אנדערע זאכין . דאס איז גלייך וויא איינער בעט לייען ארובעל . ענטפערט ער איך האבע ניכטס . נון זאגט ער . לאיי מיר צווייא . אזויא אויך איז דיא גיבעט . זאג ביין הערין . ענטפערט נאפאלעאן . דאס אין אקורצע צייט וועל איך דיא רוסין אין גאנצין פארטרייבען פון דיא לאנד איך פירכטע מיך פיר אים ניכטס .

אונ דער הסכם פון דיא מלכי הברית וואר שטארק גאר אן שום ספק אז וואס דיא צרפתים זענען צוא ריק גיגאנגען איז נאר ווייל נאפאלעאן באטעריךט צוא ריק . נון נאך דעם גידאנקען . האבין זיך צוא זאמען גיזאמילט חיל עסטרייך אונ חיל רוסיא ארום ווין בכדי צוא נעמען אכע פראנצויזין אין גיפענקעניש . אונ דערויף האט דאך נאפאלעאן נור גיוואר'ט מיט פרייען הערצין . ווארום אז דער שונא וועט זיין אין איין אָרט . דען וועט דער נצחון מיט איין מאהל ארויס אונ עס וועט גיענדיגט ווערין . 80 טויזינד פראנצויזין זענען גישטאנען גרייט מיט זייערע פייערדיקע מיילער קאנאנען אונ קעגין זייא איז גיוועזין 80 טויזינד רוסין אונ 52 טויזינד עסטרייכער .

דען צווייטען דעצעמבער איז נאפאלעאן דורך גיריטען . דורך זיינע פולקין . אונ האט זייא גימוטערט צוא זיין ערינסט . אונ נאך דעם האט ער גיגעבין דעם צייכין צוא מלחמה . אזויא וויא לעמפערטין איילין צוא זייער פארצוקינג אז זייא זענען זייער פאר הונגערט . אזויא אויך האבין דיא פראנצויזין זיך גיכאפט צוא דיא פייער שפאייעקע ניוועער אונ דיא קוילין זענען גפלויגין נאך אנאנד וויא רעגין . אונ זייא האבין ניצערינט אין דיא רוסין אונ אין דיא עסטרייכער . קייזער רוסיא איז אליין גריטין אויף זיין פערד אונטער דיא פליהינדע קוילין אונ האט דיא וועלנער גיבעטין צוא טאן מיט פליים . אבער אין שלטון ביום המות אין דעם טאג פון טוט איז ניט קיין ניוועלטיגקייט אונ דער תיל איז צוא שפרייט גיווארין אונ ווייל זייא זענען גינעטהיגט גיוועזין צוא לויפין איבער איין בריק אונ פון האסט איז צוא פיל משא גיפארין אויפין בריק . אזויא איז דער בריק גיבראכין גיווארין איז פיל דער טרונקען גיווארין . נאכהער זענען זייא אויפין אייז גיגאנגען . אין דער אייז גיבראכין גיווארין איז ווידער צווייא טויזינד מאן דער

טרונקען

טרונקען געווארין . בקיצור פון עסטרייך . ורוסיא . איז דעם טאג געפאלין 20 טויזינד טויט אונ 30 טויזינד זענין געפאלין אין געפענקעניש אויך 120 קאנאנען האבין דיא צרפתים צוא גינאמין . אונ מוראט לאנאה זולט בערנאדאטע אונ דאוואוסט האבין געיאגט דיא אנדערע .

וויא דער קייזער פראנץ האט געזעהן אז ער קען ניט בעשטיין קעגין נאפאלעאן אונ זיין גאנצע מחנה מיט זיינע שרים אונ פון דיא מחנה רוסין זיין ליבהאבער איז פיל געפאלין . אזויא האט ער זיך מכניע געוועזין אונ קייזער פראנץ נעבסט זיינע מאגנאטין שווארצענבערג ליכטענשטיין זענין געפארין צוא נאפאלעאן אין לאגער בעטין אים ער זאל אפהאלטין .

וויא נאפאלעאן האט זיך דער וואוסט פון זיינע לייטע אז קייזער עסטרייך זעלבסט קאמט אן . אזויא איז נאפאלעאן ארויס קעגין אים . אונ זייא האבין זיך ניהאלזט אונ גיקושט אונ נאפאלעאן האט אים אריין גיבראכט בייא זיך אין געצעלט . אז קייזער פראנץ האט אים אפענטליך גיזאגט . איבער דיין חכמה אונ גבורה אונ איבער דיינע טיפע גידאנקען איז ניט דא נאך איינער דיין גלייכען . אויך האט ער גיזאגט איך בין שוין מעהר ניט אין ספק . אונ בין שוין איבערציינגט אז דאס דוא פירסט מלחמה שטענדיג מיט ענגלאנד ביסטו גירעכט .

אונ נאפאלעאן האט ווידער אים גישטראפט פאר וואס ער איז צווייא זיניג . מיטען מויל רעט ער אזויא . אונ אין הארצין טראכט ער אנדערש . אונ אויף דעם אויפין קען אמלוכה ניט גיפירט ווערין . (אך באמת יבין כסא) נאר דער שטול פון מלך מוס מיט לויטער אמת גיפירט ווערין .

אלזויא האבין זייא ביידע אב גירעט עס זאל קיין מלחמה מער זיין ביז וואנין זייא וועלין מאכין איין מיטעל פון שלום :

נאכהער האט קייזער עסטרייך אים גיזאגט ער זאל אויף דיא רוסין אויך קיין מלחמה טרייבין ווארום קייזער אלכסאנדער וויל אויך שלום . אונ ער איז שוין געשיידעט פון ענגלאנד . אלזויא האט ער אים דאס אויך מבטיח גיוועזין . אונ ביים אבשיידין . פראגט נאפאלעאן . וויא מיינסטו קייזער עסטרייך וועסטו וועלין מיט מיר נאך מלחמה פירען .

קייזער פראנץ האט גיענטפערט איך פארזיכער דיר דאס צייט מיין לעבין וועל איך מיט דיר קיין מלחמה פירען נון אלזויא פארען זייא ביידע קייזער פראנץ אונ קייזער נאפאלעאן נאך וויין . אונ קייזער אלכסאנדער מיט זיינע שרים . זענען נאך זייער ראנד אבגערייזט . אונ פיל צרפת האבין ניט אבגעטרעטין פון עסטרייך ביז וואנין דער שלום

....

איז גיענדיגט געווארין .

דען 12 דעצעמבער איז גיענדיגט געווארין דער שלום צווישין דיא ביידע קיסרים .

נון זעהט ליבע לעזערס . איין קורצי צייט פאר דיא מלחמה האבין דיא מלכי ברית גימיינט צרפת אין גאנצין אונטער צוא ברענגען . לסוף איז גאנץ אנדערש געווארין . צרפת האט נאך מעהר לאנד אונ כבוד גיארבט אונ פאר זיין אברייזין פון ווין האט ער זיין דאנק צוא דיא איינוואהנער גילאסט דרוקען . אונ יעדען איינוואונער אריין גישיקט מיט גרוים עהרע אונ דאנקען דאפיר, וואס זייא האבין זיך מיט אים שיין באנאנגען דיא צייט . אונ פון אלעם וואס ער האט גיפונען אין דיא וואפין הייזער וואס על פי חוקי המלחמה קאמט דאס צוא דעם ווער עס איז גובר . האט ער דאס מינדעסטי ניט גינומען אונ עס גישיקט דען 27 יאנואר 1806 איז נאפאלעאן גיקומען קיין פאריז מיט גרוים כבוד . אונ פון דעם שלום אן האט זיך קייזער פראנץ גירופין קייזער עסטרייך . ניט וויא צוא פאר האט ער זיך גירופען קייזער אשכנז . דען דאס האט ער איבערגיגעבין צום קייזער צרפת לכבוד ולתפארת . אויך האט אלכסאנדער קייזער רוסיא מיט אים שלום גימאכט . ותשבות הארץ .

# מלחמת נאפאלעאן עם מלך פרייסין

נון ווירדעט איהר לעזערס הערען . דיא מלחמת פרייסין . קייזער צרפת זיצט בשלום ובנחת אין זיין פאלאץ אונ מאכט ארדענונג אין זיין מדינה . אונ יעדין אין צוא פרידענהייט ברענגען וויא זיין שטייגער איז גיוועזין . מיט אמאל האט ער גיהערט אז דיא ארומיקע מלכים שמועסין ווידער מיט אים קריג צוא מאכין . אונ מלך פרייסין וואס ער איז גיוועזין זיין גוטער פריינד איז ער זיין שונא געווארין . אונ ער האט אבונד גימאכט מיט קייזער רוסיא אונ מלך שוועדין אונ דער מושל פון העסן קאסל אויך מלך זאכסין . אונ זייא אלע האבין פעסט מסכים גיוועזין נאפאלעאן אונטער צוא ברענגען .

וויא מלך פרייסין האט גיזעהן דעם צאהל פון זיינע מאנשאפט . אז עס איז זייער פיל מלומדי מלחמה אונ גיבורים גדולים . דאן האט ער זיין האנט אויף גיהויבין . אונ האט גיזאגט רב כחי . מיין כח

איז פיל. אונ מיין שווערד זאל ניט רוהען ביז דער נאפאלעאן זאל אונטערטעניג ווערין.

נאפאלעאן האט ארויס גישיקט צוא דיא מלחמה 330 טויזינד מאן פון פאריז. חוץ פון דיא ארוסיקע מושלים וואס ועלין איס צוא שיקען. אונ וויא ער זעלבסט איז גישטאנען צווישין דעם גרויס פארזאמלונג האט ער גיזאגט איך וויים ניט דעם אינהאלט. פאר וואס מלך פרייסין רופט מיך צוא מלחמה. אונ ווען ער רופט מיך דען פאסט ניט אז מיר זאלין ניט גיין. נאר איך ערקונדיג אייך צוא פאר. וואס דער סוף וועט זיין. אונ אלע זיינע שרי החיל האבען זיך ארום איס ארום גירינגלט אונ ער האט זייא אויס גירעכינט. וויא זייא וועלין איין נעמין אונ אין וועלכע ערטער זייא וועלין מוזין לויפין צוא ריק. אונ וויא לאנג עס וועט דויערין ביז צרפתים וועלין קאמען קיין בערלין. גלייך וויא אנביא האט ער גיזאגט אונ עס האט טאקי ניט גיפעלט.

חאטצי מלך פרייסין האט צוא נאפאלעאן הארטע בריף גישריבען מיט גאוה. גלייך וויא איין בעל הבית איז גוזר אויף זיין קנעכט. וואס דיא בריף האט אים פיל גיערגערט דעם ווענין האט ער אים גוטע ווערטער גישריבען. איידער דיא מלחמה איז לויז גיגאנגען האט ער צום מלך פרייסין מיט דעם לשון גישריבען.

ברודער. אונ הערר. דיין בריף פון 12 פארינין חודש האבע איך היינטע דען זיבעטין מקבל גיוועזין. מיר טוט זעהר לייד אז דוא האסט דיך גילאסט פון מיינע שונאים איבער ריידין צוא גלויבען. אויף מיר אזעלכע זאכין. וואס איך האב אפילו ניט גיטראכט אונ אפשיטא ניט גירעט. איך וויים זייער גוט. אז דיא קריג קומט ניט אויס דיינע אייגינע גידאנקען. נאר פון אזעלכע מענשין וואס זענען דיר שונאים. דארפסט וויסען חאטצי דוא האלסט זיך מיט דיין חיל זייער שטארק. דאך אבער קענין מיין חיל זענען זייא ניט גיאכטעט. וויא וועט עס שיין זיין. אז דוא וועסט מוזין קומען בייא מיר וועגין שלום בעטין וויא קייזער עסטרייך האט זעלבסט מיך גיבעטין צוא שלום. אונ טאמער ח"ו קען זיין אז דיין לעבין זעלבסט וועט נאך גירויבט ווערין. דוא ווייסט זעלבסט גיט פאר וואס דוא ווילסט מיט מיר קריג פיהרען. דער מאן דיך פאר 14 יאהר צוא ריק. וויא פרייסישע שרים האבין גיזאגט. מיר וועלין צרפת אונטער ברענגען דאפיר וואס זייא האבין זייער מלך גיהרגט אונ לסוף איז פון פרייסישע חיל איין הונדערט חלק אהיים צוא ריק ניט גיקומען אונ מדינת צרפת נאר זייער בערעבנים. אויך יעצט ווילסטו אזויא מאכין ווארום זאל

זאלסטו װעלין זעהן דאס בלוט פון דיינע קנעכט. אונ פון דיינע שרים. װילסטו ניט זיין מיין גוטער פריינד. דען האסטו דיא ברירה. זייא מיר ניט אנגוטער פריינד. אבער װאר צוא מלחמה זאלין מיר ניט גיין. השי"ת זאל דיר געבין אליכטיגקייט אין דייני אויגין. אונ דוא זאלסט פארשטיין אז איך רייד מיט אמת. כדי אומזיסטע בלוט זאל ניט פארגאסין װערין אונ איך װארט אויף דיין ענטפער. נאפאלעאן.

װען דיזער בריף װאלט אן גיקומען צוא דער צייט צום מלך פרייסין. װאלט ער גיװיס שלום גישלאסין. אבער עס איז גיװעזין אסיבה מן השמים. כדי נאפאלעאן זאל נאך מעהר דערהויבין װערין. דעם שררה װאס האט גיפירט דעם בריף צוא מלך פרייסין האבין דיא שרי פרייסין גיחאפט. אלס שפיאנ. אונ זייא האבין אים באלד ניט אבגישיקט צום קיניג. אונ חיא נאפאלעאן האט גיזעהן אז עס איז קיין ענטפער גיקאמען דען איז דיא מלחמה לויז גיגאנגען.

ב־כה ראשונה. דיא ערשטע ברכה װאס נאפאלעאן האט מכבד גיװעזין צוא דעם חיל פרייסין 1400 פרייסין זענען צום טויט גיפאלין פון דיא פראנצויזין. אונ 2100 מאן מיט 12 קאנאנען זענען גיפאלין אין שביה ביא דיא צרפתים. נון דיא ברכה ראשונה האט זייא ניט גישמעקט דען דאמיט האט ער צוא שלאגין פרייסישע פלאיען.

פרידריך לודװיג איז גישטאנען מיט איין גרויסע ארמייא פלוצלינג איז גיװארין איין אומגישרייא פראנצויזין קאמען אן. אלזויא איז גיװעזין איין לויף. אונ אלע צרכי המלחמה איז גיבליבין אויפין פלאץ. אונ דיא זעלנער זענען צוא שפרייט גיװארין אין דיא װעלדער אונ אין גריבער. אונ פיל האבין זיך גיװאגען צוא שװימין איבער דעם טייך װאס דארט איז. זענען זייא דער טרונקען גיװארין. אונ באמת זענען פראנצויזין גאר ניט גיגאנגען געגין זייא. נאכהער זענען דיא צרפתים גיקומען אונ האבין עס אלעס צוא גינומען.

אונ נאפאלעאן האט מיט זיין חכמה ארום גירינגלט דיא פרייסין פון אלע 4 זייטין מיט זיין חיל. אונ נאפאלעאן איז דורך גיריטין דורך זיינע זעלנער אונ זאגט בני. מיינע קינדער מיר האבין דיא בעלי גאות ארום גינומען. אונ װען חאטשי איין פאלק פון זייא װעט אנטלויפין איז אחרפה פאר אייך אז איהר זאלט לאזין צוא לויפין. שלאגט צום טויט װיא פיל אייערע קרעפטין װעט טראגין אונ פון דיא איבעריגע נעמט בשביה.

גענעראל זובעט שר צרפת האט זיך צום ערשטין גישטעלט

צום שלאק קענין דיא פרייסין נון וואס ער האט גיהרגט איז גיהרגט אונ 20 קאנאנען האט ער גיפאנגען. לאנעס שר צרפת פאן דער אנדער זייט איז גישטאנען צום שטרייט. האט ער אין שביה גינומען 400 מאן מיט 16 הארמאטין דער גרויסער שר נייא האט פון דיא דריטע זייט שטרייט גיפירט מיט דיא פרייסין אונ ער האט גאר זיינע מכות גילאסט אין דיא פרייסין. אונ צוא דיא זייט ווי די גארדע נאפאלעאנס האבין זיך גישטעלט צום שטרייט האבין דיא פרייסין גאר ניט גיענטפערט מיט זייערע קאנאנען נאר זייא זענין באלד צוא לאפין.

דער גרויסער יענעראל רוכל פון פריישישע חיל האט זיך דאריבער פיל גיערגערט אונ האט גיזאגט איך מיט מיינע גיבורים וועלין גיין אונ מאכין פון דיא צרפתים אש. ער גינג אבער ער קאמט שוין מעהר ניט צוא ריק. דען זיין חיל. אויך ער זענין צום טויט גיגאנגען אונ דיא פעלדער וואר נאר באדעקט מיט הרוגים. אונ טייכין בלוט גייט אויף דיא פעלדער. זעהר ווייניג זענין לעבעדיג אנטלאפין פון דיא פרייסין. דאס ווערט גירופין מלחמות יענע. וואס דיא מלחמה האט אגרויסין שם אין דער וועלט.

(היום ההוא) דער טאג וואר יום חושך איין פינסטרער אונ אקלאגליכער טאג פיר דיא פרייסין דען אויך אין אנדערע ערטער אין דען זעלבען טאג האבין זייא גרויסע מפלות גיהאט.

דוכס ברוינשווייג איז גיגאנגען מיט אגרויסע מחנה פרייסין. אונ צווישין זייא איז גיוועזין דער גיבור בליכער. אונ באמת איז דיא מחנה גיוועזין כולם גבורים מלומדי מלחמה. אבער דיא פראנצויזין האבין זייא גישלאגין ביז זייא זענין וואהר זאט גיווארין אונ דוכס ברוינשווייג האט גיקריגען פאר בייא נאז איין קויל האט עס אים דיא רעכט אויג בלינד גימאכט. אונ דעם נאז אראפ גיהאקט אונ דעם 9 נאוועמבער איז ער גישטארבין. יענעראל שמעטטע איז גיפאלין אויף דיא צווייא שרי החיל ווארטענסלעבען. אונ מעלענדארף זענין גיטייט גיווארין. אויך דער מלך איז גיוועזין אזהאר ווייט פון טויט. אונ זיין פערד איז גיפאלין אונטער אים טויט.

צוא דיא צייט איז ניט גיהערט גיווארין במחנה פרייסין קיין קול פון אמושל אונ פון אשר. נאר יעדער איז גילאפין אום צוא זוכען איין ארט וויא זיך צוא בעהאלטין פון טויט. 30 טויזינד זענין גיהרגט גיווארין אונ צוא וואונדעט אונ צווישין זייא ווארין אויך דעם קעניגס צווייא ברידער דיא פרינצין גיהרגט גיווארין אונ 15 טויזינד זענין גיפאלין אין שביה. אונ 15 טויזינד זענין צוא לאפין אהיים. וואס זייא זענין מעהר צוא מלחמה ניט גיקומען. אונ 300

קאנאנען איז גיפאנגען גיווארין. אונ פון דיא צרפתים איז גיהרגעט גיווארין אונ צווא וואונדעט גיווארין בס"ה 12 טויזינד. דא איז שוין צוא קלאפט גיווארין דיא דרטע מחנה פון מלך פרייסין.

דעם 15 נאוועמבער איז פראנצעזישער יענעראל מוראט גיקומען מיט זיין חיל בייא דעם פעסטונג ערפורט. אונ וויל דער שר העיר האט גיזעהן אז זיינע זעלנער זענין מיד אונ שוואך אונ אפילו אז ער וועט זיך שטעלין צום שטרייט וועט ער נאר אומזיסט בלוט פארגיסען פון זיינע מענשין אונ אהילף וועט דאך ניט קומען. אזויא האט ער גישיקט זאגען צוא מוראטען ער זאל ניט שיסען אונ ער וועט דעם פעסטונג מיט גוטען איבער געבין. דעם 16 נאוועמבער איז דיא שטאט איבערגיגעבין גיווארין צוא דיא פראנצויזין. אונ 14 טויזינד זעלנער מיט כל צרכי מלחמה איז גיפאלין בשביה. דיא שרי החיל האבין גישוואוירין אז זייא זאלין מעהר קיין מלחמה פיהרין אויף צרפת. זענין זייא פרייא הערוים גישיקט גיווארין פון פעסטונג. אין דעם פעסטונג איז גיוועזין 120 קאנאנען אונ אסאך שפייז אינ פיל רייטערהויז דאס איז גיפאלין בייא מוראטן אין דיא הענד. אויך דער גבור פריים בליכער איז הארט גישלאגין גיווארין פון שר צרפת זולט.

פון אבינד וואס גיהער צום 13 נאוועמבער ביז דעם מארגענס אנברוך דען 15 האט נאפאלעאן ניט גישלאפין. אינ ניט גירוט פון ארבייט. דען דיא צייט וואס זיינע שרים האבין גישלאפין דער וויל האט ער שריפטליך זיינע פלאנען גימאכט. אונ איז אויך זיין פערד גילאפין צווישין זיינע ארמייען. צוא שטארקין זייא מיט רייד אונ צוא פרעגין אויף זייער שלום. אויב זייא זענין אים גיטרייא. אבער דאס מארגענס דען 15 טען. איז ער ווער וויא איין שטיין גיפאלין ווייל ער האט קיין כח גיהאט מעהר צוא שטיין. אונ ער האט צווייא שטונד איבערגישלאפין דען זויא ווער זיין בעפעל. אז קיינער זאל מען אים ניט לאזין שלאפין. נאכהער איז ער אויף גישפאנגען. אונ ער האט גיהייסין פאר אים צוא ברענגען דיא 300 זאקסישע עלטסטע אפיצירין. אונ זייא האבין פאר אים גישווארין. אז זייא זאלין מעהר אויף אים קיין מלחמה טרייבין. אונ ער שיקט זייא לשלום אהיים.

נאך דעם האט נאפאלעאן גיווארפין צינז אויף דיא מדינה. לאנד פרייסין זאל געבין 100 מיליאן פראנק. זאקסען 53 מיליאן. וויימאר 2 מיליאן. האנאווער 9 מיליאן. אונ דיא אנדערע געגענדין 13 מיליאן. אונ ער זעלבסט האט זיך באזעצט אין ווימאר. איז צוא נאפאלעאן גיקומען דער ענטספער וואס דער מלך פרייסין האט אים

אים גיענטפערט אויף זיין ביטטע אז״ עס זאל קיין מלחמה ניט זיין : נאפאלעאן האט גיענטפערט צום שליח. ווען דוא וואלכט מיר דעם גוטען ענטפער גיבראכט צוא דער צייט דאן וואלט נוט גיוועזין אבער איצט ווען דער מלך פריים האט שוין דיא מלחמה אן גיוואונין דען לוינט מיר ניט דער ענטפער .

אין דיא צייט ווען נאפאלעאן מיט זיינע שרי החיל האבין זייער רייזע גימאכט נאך בערלין. איז אן גיקומען צוא אים איין שליח פון מלך פריסין אויף שלום. האט נאפאלעאן אים גיענטפערט ווען ער וועט באשטימין אויף דיא אופנים וואס איך וועל דיר פארלייגין קען זיין שלום. דען 12 נאוועמבער איז נאפאלעאן גיקומען קיין בערלין. אקארד וויא ער האט אויסגירעכינט נאך פאר דיא מלחמה. אונ דיא בירגער האבין אים זייער שיין אן גינומען בכבוד גדול. נאפאלעאן איז גיוועזין אין פאטסדאם אויף דעם קבר קיניג פרידריך הגדול. האט ער דארט צוא גינומען זיין שווערד. זיין הוט. אונ אלע אותות הכבוד. האט ער אוועק גינומען אונ האט גישיקט נאך פאריז. דער גובערנער פון שטאט בערלין. איז גיזעצט גיווארין רפס. אלזויא איז זיין ווייב גיקומען פאר קייזער נאפאלעאן בעטין חסד. אים לויז צוא לאזין. אונ זיא זאגט דאס איהר מאן איז ריין פון זינד. נאפאלעאן זאגט צוא איהר. דערקענסט דוא דיזע שריפט. זיא זאגט יא. מיין מאנס שריפט איז דאס. נון לייען עס איבער דאן ווירסטו וויסען. צוא איך בין גירעכט. צוא דיין מאן איז גירעכט. וויא זיא האט פארנומען פון בריף. אז איהר מאן איז אונגערעכט. אונ זיא האט פערשטאנען אז איהר מאן וועט ריין ניט ארויס פון זיינע הענד. אלזויא איז זיא אין חלשות גיפאלין. אונ דיא ווייטאג פון איין גיוויינירען האט איהר אן גינומען שטייענדיק אין דיא סטאנציע פון קייזער. וויא דער גנאדיגער מאן האט גיזעהן אז דיא פרויא קען גישווינד שטארבין פון צער. אז זיא וועט גיווינין איהר קינד אן צייט. אלזויא זאגט ער נעם דיר דיזען בריף אונ טוא וויא דיא ווילסט. דיא פרויא לויפט אונ צינדעט אן דעם בריף. נון זאגט נאפאלעאן ווען דער בריף איז שוין ניט מעהר דא. דען איז דיין מאן שוין גירעכט. גייא אונ נעם אים צפ פון תפיסה.

נון זעהט ליבע לעזערס האטצי אויפין פלאץ פון מלחמה איז ער גיוועזין איין אכזר. דאך אבער בייא זיך אין פאלאץ איז זיינע מעשים גיוועזין מיטליידונג.

## ענדע דאס ערשטע טהייל

# צווייטע טהייל

וויא קייזער צרפת האט אנפאנגס וויא נביאות גיזאגט אז פארצליך חעלין רוסין קומען צוא הילף צוא דיא פרייסין אזויא איז מאכי גיוועזין דיא נאכריכט איז שוין בעשטימט גיוועזין אז רוסין קאמען אן.

נאפאלעאן האט איין שטרענגען בעפעהל גיגעבין אויף זייטע שרי החיל אז מען זאל איין כליה מאכען פון דיא פרייסין נאך פריער אייהדער דיא רוסין וועלין אן קומען. אונ עס גישעהט זיין בעפעהל איז ריכטיג ערפיהלט גיווארען אונ דען 6 טען דעצעמבער איז דער סוף גיקומען אויף דיא פרייסין. אונ עס וואר איין גרויס שעכטונג פאן דיא צרפתים אויף דיא פרייסין אין אלע ערטער וויא זייא האבען זיך צום שטרייט גישטעלט אונ דער פעסטונג מאגדענבורג איז אויך גינומען גיווארין נאך דעם וויא מאן האט אויף איהרע מויערין צווייא שעה גירעגינט מיט דרייא פודיקע באמבעס. דיא שליסלען פון דיא מויערין איז איבערגיגעבין גיווארין צוא דיא שרי צרפת. אונ עס איז בשביה גיקומען 22 טויזנד מאן אונ 800 קאנאנען. איין מיליאן פונט פולווער. אונ כלי מלחמה אן איין צאהל.

שוין גאנץ גישוואכט דער כח פון מלך פרייסין.

זעהט ליבע לעזערס דאס איין מענש קאן זיך גאר נים ריהמען מיט זיין כח. מיט 30 טעג צוא פאר האט מלך פרייסין גיזאגט איך וועל דעם קייזער צרפת צוא רייסין וויא אלייב צוא רייסט איין שעפס אונ לסוף איז אקוראט פארביטען גיווארין בס"ה איז 4000 קאנאנען גיפאלין בייא דיא צרפתים אין דיא הענד 60 טויזנד מאן זענין טויט גישלאגין גיווארין 100 טויזנד זענין בשביה גיקאמען דיא גרויסע מתנה 280 טויזנד מאן זענין צוא שפרייט גיווארין אונ דיא בעסטע לאנד באזיצין צרפתים. אונ מלך פרייסין הערט נאר יעדע מינוט איין אנדער אונגליק דערום שטייט (אל יתהלל חוגר כמפתח) דער וואס גורט יעצט אן זיין שווערד צום שטרייט זאל זיך ניט ריהמען נאר דער וואס בינדעט אויף פון זיך זיין שווערד דער קען זיך ריהמען אבער אויך ניט מיט איינענעם כח ניין ער דארף זאגין מיט גאטעס הילפע האב איך גובר גיוועזין דען צוא אים איז דיא גבורה אבער דעם מענשינס גבורה איז גאר נישט.

מִלְחָמָה קֶעגֶין דיא רוּסִין וָואס זֶענִין גִיקוּמֶען לֶעֱזְרַת הַפְּרֵייסִין

בִּהְיוֹת קֵייזֶער צרפת בקיסטרין. דיא צייט וָואס נאפאלעאן איז גִיוֶועזִין אִין קוסטרין אִיז צוּא אִים גִיקָאמֶען אֵיין בְּרִיף פוּן מֶלֶךְ פרייסין אִיךְ מִיט קֵייזֶער רוּסְיָא הָאבִּין אֵיין פֶעסְטִין בּוּנְד גִימַאכְט אוֹיף דִיר צוּא מִלְחָמָה אוּנ מִיר וֶועלִין נִיט אָפְּלָאזִין סִידִין אַז דֶער טוֹיט וֶועט אוּנְז אָפְּשֵׁיידִין אָדֶער דוּא וֶועסְט אוּנְטֶערְטֶענִיג וֶוערִין אוּנְטֶער אוּנְזֶער חֵילִין.

נוּן דָא הָאבִּין זִיךְ דיא שְׁטַארְקֶע מְלָכִים מֵכִין גִיוֶועזִין צוּא אֵיין גְרוֹיסֶער מִלְחָמָה אוּנ וִויא דיא מַחֲנֶה רוּסִין זֶענִין דֶעם טַייךְ ניעמען אַרִיבֶּער אַזוֹיא הָאט נאפאלעאן פַארְצָאמְט מִיט זַיין חַיִל אַז דיא פרייסין זָאלִין זִיךְ נִיט קֶענֶען בַּאהֶעפְטִין צוּא זֵייא אוּנ דיא מלחמה שְׁטֵייט נוּר צְווִישִׁין רוּסִין אוּנ פראנצויזין אוּנ עֶס וַואר צְוֵוייא מלחמות צְווִישִׁין זֵייא בֵּייא פוּלְטוּסְק אוּנ בֵּייא גָאלוּמִין אוּנ פוּן זֵייא אִיז גִיפַאלִין 10 טוֹיזִינְד מַאן אוּנ 80 קַאנָאנֶען אִיז גִיפַאלִין בִּשְׁבִיָה אוּנ דיא אִיבְּרִיגֶע הָאבִּין צוּרִיק גִיצוֹיגִין נָאךְ אויסטראלענקי אוּנ דיא צרפתים הָאבִּין אוֹיךְ פִיל פֶערְלָארִין אוּנ הָאבִּין זִיךְ צוּא רִיק גִיצוֹיגִין נָאךְ זֵייעֶרֶי גִיצֶעלְטִין דֶען זֵייא זֶענִין שׁוֹין גִיוֶועזִין מִיד פוּן מלחמות אוּנ פוּן קֶעלְט אוּנ נאפאלעאן אִיז גִיזֶעסִין בווארשא. אִין דיא צייט הָאט נאפאלעאן קֵיין רוּהִיגֶע שָׁעָה נִיט גִיהַאט דֶען עֶר הָאט בַּאפֶעלְט אוֹיף צרפת יֶעדֶער זַאךְ אוּנ דָא הָאט עֶר גִיהַאט צוּא מַאן אַרוּם דֶעם חַיִל.

דֶען 8 טֶען יַאנוּאַר הָאבִּין דיא צרפתים גוֹבֵר גִיוֶועזִין אוֹיף בְּרֶעסלא אוּנ זֵייא הָאבִּין גִינוּמֶען אִין שִׁבְיָה 5500 מַאן מִיט 300 קַאנָאנֶען אוּנ דַאצוּא נָאךְ אַנְדֶערֶע פֶעסְטוּנְגֶען.

אוּנ בענגינזען שַׂר צָבָא רוסיא הָאט אֵיין גִיזַאמִילְט זַיין חַיִל אוּנ הָאט גִימַאכְט אֵיין פְּלַאן פְּלוּצְלוּנְג צוּא קוּמֶען אוֹיף דיא פראנצויזין אִין דיא ווִינְטֶער גִיצֶעלְטִין וַוייל צוּא דֶער צייט זֶענִין דיא פראנצויזין שְׁוַואךְ אוּנ עֶס גִישָׁאה דיא מלחמה אִיז גִיוֶועזִין זֵייעֶר שְׁטַארְק אָבֶּער דיא צרפתים הָאבִּין דָאךְ גוֹבֵר גִיוֶועזִין.

צוּם קֵייזֶער נאפאלעאן הָאט דיא מלחמה זֵייעֶר פִיל גִיעֶרְגֶערְט וָואס זֵייא זֶענִין גִיקוּמֶען ווִינְטֶער צייט בֵּייא גְרוֹיסֶע קֶעלְטִין צוּם שְׁטְרֵייט אַלְזָא הָאט עֶר גִיזָאגְט אִיךְ טוּ מִיךְ נוֹקֵם זַיין אָן מַיינֶע שׂוֹנְאִים אוּנ דיא צרפתים הָאבִּין זִיךְ אָן גִיהוֹיבִּין צוּא שְׁפְּרֵייטִין בַּעֲצַת מְלָכִים אוּנ זַיין פְּלַאן אִיז גִיוֶועזִין דֶעם שַׂר צָבָא בענגינזען צוּא נֶעמִין בִּשְׁבִיָה, אָבֶּער דָאס הָאט אִים נִיט גִיגְלִיקְט הָאט דֶעם

שְׁלִיחַ מִיט דֶעם בְּרִיף וָואס דֶער שַׂר בערטהיער הָאט גִישִׁיקְט צום שַׂר בערנאדאטטע צוא ווִיסֶען טָאן דיא עֵצוֹת פון זֵייעֶר מֶלֶךְ איז גִיפַאנְגִין גִיוָואְרִין בַּייא דִיא רוּסִין נוּן הָאט דֶער רוסישער שַׂר גִיוואוּסְט אוּנ דַאמִיט אִיז עֶר מִיט זַיין חַיִל נִיצוֹל גִיוָואְרִין אוּנ דִיא עֵצָה פוּן נאפאלעאן איז נִיט אויסְגִיפִירְט גִיוָוארִין דִיזֶען מָאהְל.

דֶעם 3 טֶען פֶעבְּרוּאַר הָאבִּין גִישְׁטְרִיטִין בַּייא דֶעם בְּרִיק בערגפרידע 12 טויזִינְד רוּסִין הָאבִּין זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ גִיוֶועןְ צוא מלחמה אוּנ אֵיין גַאנְצִין טָאג איז דִיא מלחמה לוֹיז גִיגַאנְגֶען אָבֶּער גֶעגִין אָבֶּענְד הָאבִּין זֵייא צוא רִיק גִיצוֹיגִין.

לֶעסטִיג שַׂר צבא פרייטין הָאט זִיךְ גִישְׁטֶעלְט קֶעגִין גִבּוֹר צרפת נייא הָאט נייא אִים אֵין גַאנְצִין צוא בְּרָאכִין אוּנ צְוֵוייא טויזִינְד מַאן מִיט 16 קַאנָאנֶען אִיז גִיפַאלִין בַּייא דִיא צרפתים.

דֶען 7 טֶען פֶעבְּרוּאַר איז שַׂר צָבָא צרפת זוּלְט בַּאפַאלִין מִיט גְרֶעמִיקֵייט אוֹיף דִיא רוּסִין בַּייא דִיא שְׁטָאט איילויא דִיא רוּסִין זֶענִין נָאךְ דֶער שְׁטָאט צוא רִיק גִיצוֹיגִין נָאךְ זֵייא דִיא פראנצויזין. אַךְ לֶעזֶער. דָארְט וַואר פוּן בֵּיידֶע צְדָדִים אֵיין גְרוֹיס שֶׁעכְטוּנְג אוּנ דִיא רוּסִין זֶענִין גִינֶעטְהִיגְט גִיוֶועזִין צוא לָאזִין דִיא שְׁטָאט בַּייא דִיא צרפתים.

(המזכירים מלחמת איילויא יילילו) דִיא וָואס דֶער מַאגֶען מִלְחָמַת איילוי טוּעֶן קְלָאגִין. דֶען מָארְגֶענְס טָאג. דָאס הֵייסְט דֶען 8 טֶען פֶעבְּרוּאַר. גַאנְץ פְּרִיא הָאבִּין זִיךְ דִיא רוּסִין גִישְׁטֶעלְט צום שְׁטְרֵייט מִיט מַאפֶּפֶערְקֵייט אוּנ מִיט שְׁנֶעלִיגְקֵייט. אוּנ דִיא קוּילִין פוּן זֵייעֶרֶע קַאנָאנֶע אִיז גִיפַאלִין נָאךְ דִיא שְׁטָאט וִויא אֵיין גִידִיכְטֶער רֶעגִין פַאקְט נָאךְ אֵיינַאנְד. פוּרְכְטְזַאם וַואר דִיא מלחמה. 7 טויזִינְד רוּסִין אוּנ 6 טויזִינְד צרפתים טוֹיטֶע הָאבִּין בַּאדֶעקְט דִיא פֶעלְד. אוּנ 30 טויזִינְד זֶענִין גִילֶעגִין צוא וואוּנְדֶעטֶע. אוּנ אַמַייל וֶועגְס, הָאט זִיךְ גִיצוֹיגִין אֵיין שְׁטְרָאם בְּלוּט. הַאלְּב גִישְׁטָאכֶענֶע מֶענְשִׁין דָאס הֵייסְט הַאלְּב לֶעבֶּענְדִיג הָאבִּין גִיבֶּעטִין מֶען זָאל זֵייא צוא נֶעמֶען פוּן דֶעם (חצר המות) אוּנ קֵיינֶער הָאט נִיט גִיעֶנְטְפֶערְט חָאטְשֵׁי דַאבֵּייא אִיז פוּל בְּלוּט גִיגָאסִין גִיוָוארִין. דָאךְ אִיז קֵיינֶעם אֵישׁוּעָה אַרוֹיס גִיקוּמֶען דֶערְפוּן. אוּנ בֵּיידִי מַחֲנוֹת רוסין אוּנ פראנצויזין הָאבִּין גִיקְלָאגְט אוֹיף זֵייעֶרִי עֶרְטֶער. אוֹיף זֵייעֶרִי שָׂרִים אוּנ אוֹיף זֵייעֶרִי בְּרוּדֶער. אוּנ מִיט הַארְץ בְּרֶעכֶענֶעס הָאבִּין זֵייא זִיךְ ווִידֶער גִיקֶערְט צוא זֵייעֶרִי עֶרְטֶער. אוֹיף דִיא פֶעלְד אִיז נאפאלעאן גִישְׁטַאנֶען פוּן מָארְגֶענְס בִּיז אָבֶּינְד. אוּנ עֶס הָאט אִים וַואר גִיקֶלֶעמְט צוא זֶעהְן. אַז נִימַאנְדֶען אִיז אַהִילְף גִיקוּמֶען דוּרְךְ דִיא מלחמה, אַךְ וִויא לֵיידֶע וַואר אִים אַז דִיא הַאלְב טוֹיטֶע מֶענְשֶׁען הָאבִּין צוא אִים זֵייעֶרִי הֶענְט גִישְׁטְרֶעקְט אוּנ מִיט טוֹיטֶע קֶעפְּצֶען גִירֶעט, אוּנ

עֶר

ער האט זיא ניט געקענט העלפען ווארום איידער מען האט זיא גינומען אויף וועגין צוא פיהרען אין שפיטאל זענין זיא גישטארבין.

צוא דער מלחמה האט נאפאלעאן גימראכט תחבולות. אבער השי"ת האט פארנאריש'ט זייני עצות דאדורך וואס דער שליה פון בערטהיער איז גיפאנגען גיווארין.

נאך דיא מלחמה ביא נאכט האבין דיא צרפתים צוא רויבט וואס עס איז גיוועזין אין שטאט איילוא.

נאכהער האט נאפאלעאן איין גינומען דיא צוויא פעסטונגען פון פרייסין. קאלבערג גרוירענץ. דאן איז פרייסין גיבליבען נור ביא איין פעסטונג. דאנציג. דען ערשטען אפריל האט זיך גישטעלט שר צרפת לעפעווער צוא באלעגערין דאנציג 12 טויזינד פרייסין. אונ 6 טויזינד רוסין ווארין דארין. דען 7 מען מאיי האבין דיא צרפתים איין גינומען דעם אינזעל האלם וואס ביא דאנציג אין 12 הונדערט מאן מיט 7 קאנאנען איז גיפאלין בשביה ביא דיא צרפתים צוא דיא נאכריכט האט קייזער רוסיא צוא גישיקט היל צוא הילף.

אבער נאפאלעאן האט אויך גישיקט זיין היל אונ זיא זענין גיקומען מיט אכזריות אונ זייא האבין אונ דיא שטאט 30 טויזינד קוילין נאך אנאנד אריין גישאסין אונ דיא שטאט איז גיווארין וויכט דען 24 מען מאיי האבין זייא זיך אונטער גיגעבין אונטער דיא פראנצויזין אונ ווייל דיא זעלנער האבין גישוואורין אז צייט אחר זאלין זייא קיין מלחמה טרייבין קעגין דיא צרפתים. זענין זייא פון שביה לויז גיגאנגען. נון איז דאנציג אויך ביא דיא צרפתים.

נאך דיא מלחמה האט נאפאלעאן שלום גישלאסין מיט דעם קולטאן פון טערק. אונ מיט דעם קיניג פון פרס.

פון 5 טען יוני ביז דען 14 טען איז ווידער גיוועזין עטליכע מלחמות צוא ווישען צרפתים אונ רוסין אבער אן נוטצען פון ביידע צדדים.

~~~~~~~~~~~~~~~~~~~

## שלום טילז

דען 25 טען יוני איז גימאכט גיווארין איין פראם אויפין טייך ניעמין ביא טילז אין דיא ביידע קיסרים גיבירי איירָאפא וועלין צוא נאמען קומען אויף שלום ווייא זייא זענין איינער קעגין דעם אנדערין

צוא
~~~~~~~~~~~~~~~~~~~

צוא גינאנגען אזויא האבין טויזנד קאפעליא גישפילט אונ' דער פארזאמלונג פון דיא מענשין האט גידרושט אונ אזויא זענין זייא ביידע גישטאנען צוויא שטונד איינער קעגין דעם אנדערין אונ האבין גירעט אונ נימאנד האט גיוואוסט וואס זייא האבין דארט גירעט דען ווער וועט זיך וואגין אזעלכי לייטע צוא פרעגין אונ אויף מארגין דען 26 טען זענין זייא זיך נאך איין מאהל צוא זאמען גיקאמען אינ אין דיזען פארזאמלונג וואר אויך שוין מלך פרייסין . אונ זייערע שרים האבין זיך דער ווייל פאן אנדער גילייגט וויא דער שלום זאל זיין אונ דעם משך איז קייזער רוסיא אונ מלך פרייסין טאג טעגליך איין געלאדען גיוועזין ביי נאפאלעאן צוא מיטטאגין אונ צום שפאציר פלעגין זייא ביידע גיין מיט גרוים ליבשאפט . אונ דעם מלך פרייסין האבין זייא נימאלס צום שפאציר גינומען . דאס הייסט זייא פלעגין אים גים בעטין דערצוא . דערום פלעגט ער ניט מיט זייא מיט גיין . האטשי אים האט דאס גיוויס גיערגערט . דאך אבער ער האט עס מיט גידולט ערטראגין ;

ביי דעם שלום איז מעהר וויא העלפט מדינת פרייסין פון מלך פרייסין אוועק גינומען גיווארין אונ וואס נאפאלעאן האט גיטאן קענין איז אים . איז אלס גיוועזין מיט חסד . ווארום באמת האט נאפאלעאן דיא מדינה אין גאנצין אפ גינומען מיטען שווערד .

אונ וויא דיא שרי איירופא האבין זיך גישיידעט האבין שונאים אן גירעט דיא שרים ווידער צוא מלחמה . אבער זייא האבין ניט גיוואלט צוא הערין ווייל זייא האבין גיגלוסט צוא מנוחה . אונ זייא זענין ווידער צוא זאמען גיקומען אין שטאט ערפות . אונ זייא האבין זיך איינער דעם אנדערין פיל כבוד אן גיטאהן . איין מאהל איז קייזער רוסיא גיקומען צוא נאפאלעאן . אלזויא האט ער זיך אין פאלאץ ארום גיזעהן אז ער איז גיקומען אן זיין שווערד . אונ ער האט זיך גיוואונדערט . ווארום ער האט עס פערגעסין . אלזויא האט נאפאלעאן גינומען זיין אייגין שווערד . אונ האט גיזאגט צום הער קייזער רוסיא . איך שענקע דיר מיין שווערד . אונ אלכסאנדער האט עס ענטפאנגען אונ זאגט . וויסע אלזויא אונ זייא זיכער . אז ציים איך וועל לעבין וועל איך מיט דיזען שווערד קענין דיר ניט שטרייטין .

3 וואכין האבין זייא צוא זאמען פארגניגנט גילעבט אין שטאט ערפורט אונ זייא האבין גיפעסטיגט דעם שלום . אונ נאכהער האבין זייא זיך גישיידעט .

# מלחמת שפאניא ופורטאגאל

ווִיא נאפאלעאן איז גִיקוּמֶען נָאךְ פַּארִיז, אַלְזוִויא הָאט עֶר נַייֶע מלחמות גִיהַאט אִין שפאניא. אונ בְּקיצור גִירֶעט עֶר הָאט זַייא גוּבֵר גִיוֶועזִין. אונ וֶוען עסטרייךְ וָואלְט זִיךְ יֶעצְט נִיט אויפְגִיהויבִּין אַנְטְקֶעגִין צרפת וָואלְט שָׁלום גִיוֶועזִין אויפִין גַאנְצִין כדור הארץ. וָוארוּם אַלֶע מְלָכִים הָאבִּין זִיךְ נִיט גִיקָאנְט וַואגֶען מִיט אִים שְׁטְרֵייט פִּיהְרֶען. אונ אַלֶע הָאבִּין גִיטָאן זַיין בְּעֶפֶעל מִיט אוּנְטֶערְטֶענִיגְקֵייט.

נון ווִיא קֵייזֶער עסטרייךְ הָאט גִיזֶעהְן אַז נאפאלעאנס חַיִל זֶענִין צוּא שְׁפְּרֵייט אִין שפאניא. אונ עֶר אִיז ווִידֶער גִיהֵיילְט גִיוָוארִין פון נאפאלעאנס וואוּנְדֶעז אַזוִויא הָאט עֶר זִיךְ גִיטְרַאכְט. אִיצְט אִיז דִיא צֵייט אַז אִיךְ זָאל אִין מַיין גְרוֹיסֶען שׂוֹנֵא אַנְקָמָה טָאהְן. דֶען אִיךְ בִּין גִינוּג שְׁטַארְק אונ אֵיידֶער נאפאלעאן וֶועט צוּא מִיר קוּמֶען דֶען וֶועל אִיךְ שׁוֹין הָאבִּין צוּא רִיק אָבְּגִינוּמֶען אַלֶע לֶענְדֶער.

ווִיא עסטרייךְ הָאט זִיךְ מֵכִין גִיוֶועזִין צוּא מלחמה אויף נאפאלעאן דֶעם 3 טֶען מָאהְל אַלְזוִויא הָאט זִיךְ ענגלאנד אויךְ מֵכִין גִיוֶועזִין אונ ענגלאנד הָאט גִישְׁטֶעלְט 100 טוֹיזִינְד חַיִל גְרֵייט. הוּץ וֶועלְכֶע וַוארִין אויפִין יַם. אונ פרייסין הָאט זִיךְ אויךְ מֵכִין גִיוֶועזִין צוּא בַּאצָאלִין אִים פַּאר זַיינֶע קְלֶעפּ וָואס עֶר הָאט פון אִים גִיקְרִיגֶען. דָאס הֵייסְט ווִיא זַייא הֶעלִין גָאר זֶעהְן אַז עסטרייךְ אִיז גוֹבֵר. אַזוִויא וֶועלִין זַייא אויךְ אויף אִים אַרוּים אונ זַייא וֶועלִין אִיבּ צוּא רֵייסִין אַזוִויא ווִיא עֶטְלִיכֶע הוּנְגֶערִיקֶע לֵייבִּין צוּא רֵייסִין אַשֶׁעפְּסֶעלֶע.

אויךְ קֵייזֶער רוסיא הָאט שׁוֹין גִיצַאפִּילְט אִין דֶעם שָׁלום וָואס עֶר הָאט מִיט אִים צוּא פָאר גִימַאכְט וַוייל מֶלֶךְ פרייסין מִיט דִיא מלכה זֶענִין גִיוֶועזִין אִין פעטערסבורג אונ הָאבִּין אִיהְם זֶעהְר שְׁטַארְק אָן גִירֶעט צוּא קְרִיג.

ווִיא נאפאלעאן הָאט גִיהֶערְט אַז זַיין גִישְׁלָאגֶענֶער אִיז שׁוֹין גִיזִינְט גִיוָוארִין אונ גֵייט שׁוֹין ווִידֶער אויף שְׁטְרֵייט. אַזוִויא הָאט עֶר גִישִׁיקְט 3 הוּנְדֶערְט טוֹיזִינְד וֶועלְכֶער גִיבּוֹרִים קֵיין עסטרייךְ מִיט 800 קַאנָאנֶען אונ 30 טוֹיזִינְד רֵייטֶער אונ דִיא נַאכְקָאמַאנְדֶע בַּארְפִין קוּמֶען 220 טוֹיזִינְד מַאן.

נון אִיז דִיא מלחמה לויז גִינַאנְגֶען אונ פִיל עֶרְטֶער וַואר דִיא מלחמה אונ אוּמֶעטוּם הָאבִּין דִיא צרפתים גוֹבֵר גִיוֶועזִין ווִיא זַייֶער שְׁפַּייגֶער אִיז. אונ אַם מֶערְסְטִין בַּייא עקמוהל אִיז גִיפַאלִין פון עסטרייךְ 20 טוֹיזִינְד מַאן אונ 16 קַאנָאנֶען אִיז גִיקוּמֶען בַּייא דִיא

צרפתים אין דיא הענט

אונ ביא דיא לעצטע מלחמה וואס עס וואר ביא רעגענסבורג וואר נאפאלעאן אין גרוים סכנה וואס גרעסער קען ניט זיין. איין קויל פון הארמאט איז אים פאר ביא זיין שטיוויל געגאנגען אונ עס האט אפ גירייסין אויף דעם ארט דיא פעל פון שטיוועל. אונ עס האט אויך עטוואס אן גירירט אין דיא פיס. דיא שררים וואס זענין נעבען אים גישטאנען זענין צוא צוטערט געווארין. אונ זייא האבין אים גיבעטין ער זאל צוא ריק ציען פון דעם מקום סכנה האט ער דארויף גילאכט. אונ ער שפראך צוא זייא איך בין קייזער אונ איך דארף זיין אין דיא זעלבע סכנה וויא מיינע מענשען.

קורץ גירעט אין 5 טעג פון 19 טען אפריל ביז דען 23 טען האט נאפאלעאן צוא בראכין דיא העכסטע שטארקייט פון עסטרייך 50 טויזינד זעלנער האט ער גינומען בשביה. אונ דאצוא פיל עשירות אונ צרכי המלחמה.

דאן עס גישאה ווידער אמלחמה ביא ווין. אונ דיא איינוואהנער האבין אים מיט כבוד אריין גילאזט אין ווין ווארום זייא האבין גיזעהן אז ווין וועט חרוב ווערין. ביא דיא מלחמה איז דער גבור לאננעס שר צבא צרפת גיהרגט געווארין איין קויל האט אים זיינע ביידע פיס אראפ גיהאקט דאן האבין דיא צרפתים אונ דער קייזער אים בעקלאגט. אונ מיט כבוד בעגראבין.

ביא דיא מלחמה האבין זיך אלע שונאי נאפאלעאן אויפגיהויבן שפאניא. פורטוגאל. פרייסין. ענגלאנד. רוסיא. אבער זיין בגבורה איז גיוועזין זייער פיל אונ זיין חיל האבין גיהרגט אין דיא שונאים.

אונ קייזער עסטרייך האט זיך זעלבסט גיוואלט וואגען צוא גיין צוא מלחמה מיט אסאך זעלנער בעניימען דיא מלחמה. אבער וויא ער האט ניהערט אז אין אלע ערטער וויא זייא האבין זיך גישטעלט צום קריג האבין דיא צרפתים גובר גיוועזין. אלזויא האט ער שלום גימאכט מיט נאפאלעאן דעם 14 טען אקטאבער 1809 אונ קייזער ווין האט ביא יענטיגע מלחמה זעהר פיל אן גיווארין. הכלל איז וואס נאפאלעאן האט גיזאגט. האט ער עס אלס מסכים גיוועזין. דען ער האט גיזעהן אז גאט איז מיט אים. אונ אלע בעסטע עצות ווערט קענין אים ניט אויסגיפירט אונ וואס ער וועט ניט וועלין מיט גוטען דען וועט ער מיט גיוואלט נעמין.

(הכלל היוצא) דיא אלע עצות וואס אלע שררים פון איראפא. אפריקא. אזיא. האבין אויף אים גיטראכט אים אונטער צוא ברענגין. איז אלס פארנארישט געווארין. אונ אלע האבין זיך פרום גיזעהן

אז

אַז ער איז אין זיינע מלחמות איין מוּצלח. אונ פאר שלום צרפת. הן אין צייט מלחמה הן בשעת ער איז געוועזן בשלום האט ער זיין לעבין מקריב געוועזן פאר זייא.

וויא נאפאלעאן איז געפאהרין נאך דעם שלום קיין פאריז אונ ער האט געזעהן אַז ער איז דער גרעסטער מושל אויף דעם גאנצין (כדור הארץ). אַלזויא האט ער אָן געהויבין צוא טראכטין אַרום זיך היות אייביג וועל איך ניט לעבין אונ מיין גליבט ווייב וועט שוין מעהר קיין קינדער געווינען נון נאך מיין טויט וועט מיין נאמען פארגעסין ווערין אונ מיין כבוד אונ מיינע גבורות אונ וואס איך שאף איין אין צרפת אַזויא פיל רייבטהום וועלין דאך דאס פרעמדע ארבען. אַלזויא איז אין זיינע גידאנקען גיבליבין. האטצי ער לעבט מיט זיין ווייב יאזעפיהנא 14 יאהר אין גרויס כבוד וועט ער איהר איצט געטען. אונ ער וועט נעהמען איין יונגע פרויא וועלכע זאל קענין האבין קינדער וויא ער האט דיזען גידאנקען גישלאסין אַלזויא האט ער זעלבסט דארויף געווייענט ווארום באמת האט ער איהר מיט אמתע ליבע גיליבט.

איידער ער איז גיקומען אין פאריז האט ער זיך פארזוימט אין פעסטונג פאנטאנע בלאה. אונ דארט איז אים זיין גיליבטע פרויא אנטקעגין גיקומען. וויא דער קייזער האט איהר דער זעהן אַרזויא האט ער גיוויינט. נון דיזעס וואר יעדען גרויס וואונדער. אָבער ער האט גיזאגט. יעצט קען איך עס נאך ניט מגלה זיין דעם אינהאלט. עס גישאה ער מיט איהר מיט פיל שררים האבין אַלע אָבגיגנגעסין. אַלזויא האט ער איהר זעלבסט מגלה גיוועזן אַז בייא אים איז איין גיזעסער הסכם איר צוא געטין. ווייל זיא האט קיין קינד. אך לעזער. וויא דיא גוטע אונ גליקליכע קייזערין האט דיא שלעכטע בשורה גיהערט גאר אונגריכט איז זיא וויא איין האלץ אויף דער ערד גיפאלין אונ איז אין גרויס חלשות גיבליבען אַזויא איז דער קייזער זעלבסט אויך גיפאלין אונ האט פיל גיוויינט דארויף אונ נאכהער האט ער זיא זעלבסט גיטראגין אויף איהר גלעגער מיט גרויסע הערצברעכעניש אונ מיט טרויערקייט. אונ נאכהער האט ער מיט איהר פיל גוטע ווערטער גירעט אונ האט איהר מגלה גיוועזן דעם גאנצין אינהאלט ווייל ער וויל עס זאל בלייבין פון אים איין קינד דען זונסט איז זיין לעבין גאר ניט ווערט.

וויא דיא קייזערין האט גיהערט זיינע ווארהאפטיגע רייד אונ זיא האט גוט גיוויסט אַז ווען ער האט איין מאהל גיזאגט וועט

שוויז

שׁוין אַנְדֶערְשׁ נִיט זַיין הָאט זִיא שׁוין מִיט גְדוּלְט דֶעם לַאבְּט גִיטְרָאגְן .

דֶען 15 טֶען דֶעצֶעמְבֶּער אִיז גִיוֶועזְן דֶער קֵייזֶער אונ דִיא קְסִרְיָה אִין פַּאלַאץ אונ דַאצוּא זֶענְן גִיזֶעסְן דִיא מְלָכִים פוּן האלאנד. ווּעסטפאללין נעאפל . אונ איטַליא . אַלְזוֹיא הָאט זִיךְ נאפאלעאן גִישְׁטֶעלְט אונ הָאט גִיזָאגְט מַיינֶע לִיבֶּע הֶערְן אִיךְ בִּין שׁוין אַלְט 40 יָאהְר . גָאט אִין הִימֶעל אִיז מַיין עֵדוּת אַז מִיר צִיטֶערְט אַלֶע מַיינֶע גְלִידֶער אַז אִיךְ דֶערְמַאן מִיךְ אַז אִיךְ וֶועל מִיךְ שֵׁיידְן פוּן מַיין גוּט וַוייבּ . אָבֶּער אִיךְ וֶועל עֶס טָאן . וַוייל אִיךְ וִויל לָאזְן אַיין קִינְד וֶוער עֶס זָאל קָאנֶען נִיטְצְן דִיא רֵייכְטְהוּם וָואס אִיךְ הָאבּ אִין צרפת אַיין גִישַׁאפְט . אונ וַוייל זִיא וֶועט אָבֶּער שׁוין מֶעהְר קֵיין קִינְד הָאבְּן אַלְזוֹיא וִויל אִיךְ אִיהְר שֵׁיידְן פוּן מִיר נָאר דֶער נָאמֶען קֵייזֶערִין זָאל חַס וְשָׁלוֹם נִיט אָבְּגִיטָאן וֶוערְן פוּן אִיהְר וָוארוּם אִיךְ זֶעלְבְּסְט הָאבּ דֶעם קְרוֹן אוֹיף אִיהְר קָאפּ אָן גִיטָאן אונ זִיא הָאט מַיין לֶעבְּן 15 יָאהְר זִיס גִימַאכְט .

נַאכְהֶער הָאט זִיא וִוידֶער גִירֶעט פַאר דִיא שָׂרִים אונ וֶוען דִיא מְלָכִים וָואלְטֶען זִיךְ נִיט גִישֶׁעמְט אֵיינֶער פַאר דֶעם אַנְדֶערְן וָואלְטְן זֵייא גִיוֵויינְט אָן אוֹיף הֶערוּנְג וִויא קְלֵיינֶע קִינְדֶער .

אונ וַוייל דִיא מְלָכִים הָאבְּן פַארְשְׁטַאנְן אַז עֶר אִיז זֵייעֶר פִּיל גִירֶעכְט וָוארוּם צוּא וָואס דֶען אִיז דֶער מֶענְשׁ בַּאשַׁאפְן גִיוָוארְן . אִיז דָאךְ כְּדֵי עֶר זָאל דוֹרוֹת אוֹיף שְׁטֶעלְן אַזוֹיא הָאבְּן זֵייא מַסְכִּים גִיוֶועזְן אַז זֵייא זָאלְן זִיךְ שֵׁיידְן אונ מִיט דִיא וֶוערְטֶער זֶענְן זֵייא גִישֵׁיידְעט גִיוָוארְן וַואר עֶר שׁוין נִיט מֶעהְר אִיהְר מַאן אונ זִיא וַואר שׁוין מֶעהְר נִיט זַיין וַוייבּ .

אונ אוֹיף אִיהְר הוֹצָאָה אִיז אָרוֹיס אֵיין בֶּעפֶעל צוּא גֶעבְּן אִיהְר צְוֵוייא מִילְיָאן פְּרַאנְקְן אוֹיף אַיָאהְר אונ דֶער נָאמֶען קֵייזֶערִין זָאל נִיט אָבְּגִיטָאן וֶוערְן אונ אִיהְר זָאהְן איישען אִיז גִיבְּלִיבְּן אוּנְטֶער דֶעם שִׁיץ פוּן נאפאלעאן מלך איטליא אונ זִיא הָאט זִיךְ בַּאזֶעצְט אִין פַּאלַאץ פאנטענא בלאה .



וִויא דִיזֶעס אִיז בֶּעוואוּסְט גִיוָוארְן אוֹיף דֶער וֶועלְט אַז נאפאלעאן הָאט גִינֶעט זַיין וַוייבּ אַזוֹיא הָאבְּן אַלֶע שָׂרִים צוּא אִים גִישְׁרִיבֶּען אִין דֶעם עִנְיָן מִתְחַתֵּן צוּא זַיין זִיךְ מִיט אִים , קֵייזֶער פראנץ פוּן

עסטרייך

עסטרייך האט גיבעטין דעם פראנצעזישען קאנזיל וואס איז אין ווין אז ער זאל שרייבען קיין פאריז צוא שווארצענבערג עסטרייכער קאנזיל אז ער זאל רעדין נאפאלעאן צוא נעמין זיין טאכטער צוא פרויא אונ נאך אזעלכע אופנים שידוכים איז גיוועזין. אבער נאפאלעאן האט גיוואלט נעמין דיא טאכטער פון קייזער פראנץ. מאריע לואיזע, אין דעם 15 טען פעברואר 1810 איז געענדיגט גיווארין דער בונד אז ער זאל איהר נעמין צוא פרויא אונ דעם 28 פעברואר איז קייזער נאפאלעאן מיט קיניג נעאפאל גיפארין קעגין איהר אונ ער האט איהר גיבראכט קיין פאריז.

ליבע לעזערס איך זאל אייך דא ערציילין דעם פאר פון דיא חתונה איז גאנץ איבריג דען איהר קענט אייך זעלבסט פארשטעלין.

נאר דיא סיבה וואס עס האט גיטראפין צוא דיא חתונה וועל איך אייך ערקלעהרין דען וועט איהר וויסען אז אויך קיסרים אונ מלכים ושרים זענין בייא השי״ת אין האנד אונ זייא קענין זיך אויך ניט אויסהיטען פון דיא סיבות וואס עס ווערט אויף זייא גישיקט אונ דורך דיא סיבה וואס עס איז גישעהן אויף דיא חתונה. האבין אלע חכמים אויסגילייגט אז שלום צרפת אונ דיא הצלחה פון נאפאלעאן וועט שוין לאנג ניט ציהען.

פירשט שווארצענבערג עסטרייכער קונזיל וואס זיצט אין פאריז האט גימאכט אבאלציית פאר דעם קייזער אונ פאר אלע שרים וואס זענין אן גיקומען אויף דיא חתונה אונ וויל ער האט אויסגירעכינט אז זיינע וואוינונגען וועט ווייניג זיין פאר אלעמען אזוי האט ער גילאזט בויען אין זיין בוים גארטין איין הויז פון דינע ברעטער. אונ מאן האט דיא סוכה קייזערליך גיפוצט אונ אין דיא סוכה ווער פאר אלעמען צום טאנצין. פליצלונג האט אפייער ארום גינומען דיא סוכה פון אלע זייטען. אונ נאפאלעאן האט קוים פאספיעט זיין יונגע פרויא ארויס צוא פירין. אונ דיא פירשטין דיא פרויא פון שווא־צענבערג איז גלייך נאך דיא קייזערין מיט גילאפין. אבער אין דעם האט זיא זיך דערמאנט אן איהר טאכטער. איז זיא צוא ריק גילאפין דיא קליינע טאכטער מיט צוא נעמען אבער צוא ריק האט זיא שוין ניט גיקענט ארויס אונ זיא מיט איהר טאכטער אונ דאצוא נאך פיל שרים אונ שרות זענין אין איין אויגענבליק אויף קויל פארברענט גיווארין אונ דיא שמחה איז אין גאנצין פארשטערט גיווארין.

אונ דאפון איז גיבליבען אהסכם אז דיא כלה איז אים ניט מיט גליק גיקומען. נון זעהט איהר ליבע לעזערס קען זיך אמענש ריהמען מיט זיין כח אודער מיט כבוד אודער מיט שמחה דאס הײנט

מען

מען ואהרליך גיזעהן אז פון הימעל איז דער פייער אראפ צוא פארברענין אזויא פיל איידעלי שררים אונ שרות כדי זייא זאלין וויסען אז נאר בייא השי"ת שטעהט אלעם. אונ דער מענש איז גאר ניט גיאכטעט קעגין אים.

פיל מלכים האט דיזעם גיגרימט ווארום קייזער פראנץ האט זיך זויא נידריג גימאכט צוא געבין זיין איידעלע טאכטער וואס זיא לייכטעט וויא דימאנטען אונ איהר גישטאלט צוא זיא איין מאן וואס ער ווערט ניט זאט אין בלוט.

והקייזער נאפאלעאן הרם והנשא האט גילאבט אויף דעם כעס פון זיינע שונאים אונ פון זייערי רייד וואס זייא האבין אויף אים גירעט.

אונ ער האט זיך מכין גיוועזין צוא פירין דיא מלוכה וויא צום בעסטין אויף דאס מינדעסטע זאך פון מדינה האט ער בעאבאכטעט גלייך וויא איין (בעל הבית) אויף זיין שטוב. אונ אז ער האט גיזעהן אז זיין פרויא איז טראגעדיק אונ זיא וועט האבין איין קינד צוא דיזע צייט איז זיין שמחה גיוועזין גרויס. אן אשיעור אונ צוא דיזע צייט וואהרין זיינע מעשים מיט גרויס (חסד אונ רחמים). אך לעזער. דעם מענשינס שמחה קען אבער ניט זיין דורך אויס שמחה. נאר עס מוז זיין גימישט מיט טרויעריקייט. דען צוא דיא צייט וואס זיא האט גידארפט האבין איהר קינד איז זיא גיוועזין 99 חלקים צום טויט אונ דער הונדערטסטער חלק צום לעבין. דיא דאקטורים האבין זיך וואר ניט גיוואגעט איהר קינד פון איהר מיט גיוואלט הערויס ציען. אלזויא האט נאפאלעאן אויף זייא אן גישריגען אונ שפראך איר טוט אייער מעגליכקייט. אונ דיא נאטור וועט צוא הילפע זיין. אונ נאכהער וויא דאקטורים האבין אים ענטדעקט ענטפער דיא קייזערין מוז שטארבין. אודער דאס קינד וועט מוזין שטארבין אונ וועמין זיין רצון איז מציל צוא זיין. אזויא וועלין זייא טאן האט ער מיט טרערין גיענטפערט דיא מוטער איז בילבער דעם לעבען רעטעווען. אונ זיין חסד אויף ארעמע לייטע האט אזויא פיל גיווירקט אז דיא קייזערין האט גיהאט איהר קינד אונ קיין שאדין וואר אן איהר. אויב וואהל זייא האבין דעם קינד מיט געוואלט בייא איהר אין בויך אומגידרייט וואס דאס איז דער גרעסטער געפאהר פיר דיא פרויא אבער גאטס ווילין וואר דאבייא אז זייא זאלין לעבין בלייבין זיבען מינוט וואר דער גיבאהרענער קינד טויט אן איין אטהעם אונ וויא דיא אקאשערקע האט גיטריפט אויף דיא לופין פון קינד רפואות אונ האט איהם גוט ערוואערעמט דאן האט דער קינד באוויזין איין שטים פון לעבין, וויא דער קייזער האט גיזעהן דאס דער קינד לעבט

אלזויא

# קורות עתות נאפאלעאָן

אַלְזוֹיא הָאט עֶר אִידְם גִיקִישְׁט מִיט הֵייסֶע טְרֶערִין. זֵייא הָאבִּין בֵּיידֶע גִיוֵויינְט פַּאטֶער אוּנ זָאהְן אוּנ זֵייא הָאבִּין בֵּיידֶע נִיט גִיוואוּסְט וָואס דֶער וֵויינֶען בֶּעדֵייטֶעט.

אִיךְ קֵיין מֶענְשׁ הָאט נִיט גִיוואוּסְט וָואס זֵייעֶר וֵויינֶען בֶּעדֵייטֶעט נָאר הַשֵׁי"ת וָואס אַלֶעס אִיז פַאר אִים עֶנְטְדֶעקְט. עֶר הָאט נָאר גִיוואוּסְט וָואס זֵייעֶר וֵויינִין בֶּעדֵייטֶעט נאפאלעאָנ'ס הַארְץ הָאט גִיוֵויינְט וַוייל זַיין הַארְץ הָאט אִים נְבִיאוּת גִיזָאגְט אַז עֶר וֶועט נִיט זוֹכֶה זַיין אִים מְגַדֵל צוּא זַיין. אוּנ דֶער קוֹל פוּן קִינְד הָאט אִים גִיטְרִיבֶּען צוּא וֵויינֶען וַוייל עֶר וֶועט נִיט דֶערְלֶעבִּין צוּא זַיין קֵייזֶער אִין צרפת.

אוּנ וִויא דֶער קִינְד הָאט זַיין שְׁטִים הֶערוֹיס גִיבְּרַאכְט זוֵויא הָאבִּין אוֹיס גִישָׁאסֶען 101 קַאנָאנֶען. וִויא דֶער בֶּעוֵויס אִיז גִיוֶועזִין וֶוען אֵיין מֶעדְכִין וֶוערְט גִיבָּארִין זַיין וֶועט מֶען מִיט 20 קַאנָאנֶען שִׁיסֶען אוּנ וֶוענִין אֵיין זָכָר 101.

אוּנ עֶס גִישָׁאה קֵייזֶערִין אוּנ דָאס קִינְד זֶענִין גִיזוּנְד גִיוָוארִין אוּנ דֶער קֵייזֶער וָואר אִימֶער פְרֵיילִיךְ אוּנ גְנֶעדִיג. אוּנ דֶער טִיטֶעל פוּן יוּנְגֶען קִינְד אִיז גִינַאנְט גִיוָוארִין מלך רומי.

אוּנְטֶער דִיא צַייט וִויא דֶער קִינְד אִיז גִיוֶועזִין צְוֵוייא יָאהְר. הָאט גִיטְרָאפִין אַז אֵיין מַאן הָאט גִיבֶּעטִין פוּן קֵייזֶער זַיין בַּקָשָׁה מִיט פְּרָאשְׁבֶּעס אוּנ זַיין בַּקָשָׁה אִיז נִיט עֶרְפִילְט גִיוָוארִין אוּנ דֶער קֵייזֶער הָאט אִים גִיעֶנְטְפֶערְט עֶס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ. דֶער מַאן וַואר אָבֶּער גְנִיג קְלוּג אַלְזוֹיא הָאט עֶר גִישְׁרִיבֶּען אֵיין פְּרָאשְׁבֶּע צוּם יוּנְגֶען פְּרִינְץ מלך רומי אוּנ דַארִים אִיז עֶר גִיקוּמֶען צוּם קֵייזֶער וִויא דֶער קֵייזֶער הָאט דֶער זֶעהְן דִיא אוֹיפְשְׁרִיפְט צוּם יוּנְגֶען קֶענִיג. אַזוֹיא הָאט עֶר אִים גִיפְרֶעגְט מִיט פֶערְוואוּנְדֶערוּנְג דָאס גִיהֶער נִיכְט אָן מִיר דֶען דִיא אוֹיפְשְׁרִיפְט זָאגְט זוֵויא. אִיךְ קֶען אָבֶּער צוּם יוּנְגֶען קֶענִיג נִיט אָן קָאמֶען עֶנְטְפֶערְט דֶער קְלוּגֶער מַאן. דֶער קֵייזֶער זָאגְט קָאם מִיט מִיר הִין אוּנ גִיבּ אִים אָפּ. דֶער קֵייזֶער אִיז גִינַאנְגֶען פַאראוֹיס אוּנ דֶער מַאן מִיט דִיא פְּרָאשְׁבֶּע הִינְטֶען. בִּיז זֵייא זֶענִין גִיקוּמֶען צוּם יוּנְגֶען פְּרִינְץ אַלְזוֹיא הָאט זִיךְ דֶער קֵייזֶער גִיזֶעצְט. אוּנ דִיזֶער מַאן הָאט אִים בַּאמֶעלַאךְ דֶער לַאנְגְט. דָאס קִינְד הָאט עֶס צוּא גִינוּמֶען אוּנ הָאט עֶס אוֹיס גִישְׁפְּרֵייט אוֹיף זַיין קְלֵיין טִישֶׁעלֶע אוּנ הָאט זִיךְ דַאבֵּייא גִיזֶעצְט אוּנ מוּרְמָאלְט דָאס זֶעלְבֶּע וִויא אַנְדֶערֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער. אוּנ נָאכְהֶער הָאט דָאס קִינְד צוּא זַאמֶען גִיוֶועלְגֶערְט אוּנ הָאט דֶעם אָרֶעמַאן אָבְּגִיגֶעבִּין אוּנ עֶר אִיז ווִידֶער גִינַאנְגֶען צוּא זַיין שְׁפִּיל. דֶער קֵייזֶער זָאגְט צוּם אָרֶעמַאן נוּן וָואס הָאט קֶענִיג רומי דִיר גִיעֶנְטְפֶערְט גְנֶעדִיגֶער דֶער קֵייזֶער וָואר זַיין עֶנְטְפֶער דִיא שְׁפְּרַאכֶע קֶען אִיךְ נִיט פַארְשְׁטֵיין.

דֶער ..קֵייזֶער לַאכְט אוּנ שְׁפְּרַאךְ וֶוען דוּא וֵוייסְט נִיט זַיין שְׁפְּרֶעךְ דֶעְן וֶועל אִיךְ דִיר טְלָאמַאצִין ..עֶר הָאט גִיזָאגְט יוֹא יוֹא. אוּנ דֶער ..קֵייזֶער נֶעמְט זַיין פְּרָאשְׁבֶּע אוּנ שְׁרַייבְּט אוּנְטֶער אַז צייט 12 שְׁטָאנְד זָאל מֶען זַיין בַּאגֶער עֶרְפִיהְלִין: דֶער מַאן הָאט גִיקִישְׁט דִיא פִּיס פוּן יוּנְגֶען קִינְד אוּנ גֵייט אָבּ.

בֶּאֱמֶת הָאט דֶער ..קֵייזֶער צוּא דִיזֶע צייט גִיוָואלְט זַיין רוּהִיג אוּנ פַארְגְנִיגִינְט צוּא לֶעבִּין. אָבֶּער דִיא קִנְאָה וָואס מַלְכֵי אַייְרָאפַּא הָאבִּין אוֹיף אִים גִיהַאט אִיז יֶעדֶער חוֹדֶשׁ אֵיין אַנְדֶער מלחמה בַּאנַייט גִיוָוארִין. מלכי שפאניא אוּנ פּוֹרטוּגאל הָאבִּין אִים אוֹיף שְׁטְרַייט אָנְגֶעזָאגְט אוּנ עֶר הָאט ..זַייעֶר בַּאגֶער עֶרְפִילְט ..עֶר אִיז הִין גִינַאנְגֶען אוּנ הָאט זַייעֶרֶע פֶּעסְטוּנְגֶען פֶערְווִיסְטֶעט. דִיא מְלָכִים הָאט עֶר פַארְטְרִיבִּין פוּן זַייעֶר שְׁטִיל אוּנ ..עֶר הָאט אוֹיף זַייעֶר שְׁטֶעל אַנְדֶערֶע קִינִיגִין גִיזֶעצְט דִיא מוֹרְדִים וּפוֹשְׁעִים הָאט עֶר דוּרְךְ דָעם שְׁוֶוערְד גִיבְּרַאכְט אוּנ ..עֶר הָאט אוֹיף זַייא גִיהֶערְשְׁט וִויא אֵיין הֶער אִיבֶּער זַיין קְנֶעכְט. אוּנ צוּא דִיזֶע צייט אִיז עֶר גִיוֶועזִין אַזוֹיא שְׁטַארְק אַז אַלֶע מַלְכֵי אַייְרָאפַּא הָאבִּין פַאר אִים מוֹרָא גִיהַאט.

לִיבֶּע לֶעזֶערְס פוּן דִיא גִישִׁיכְטֶע וֶועט אִיהְר ..ווִיסֶען פוּן ..קֵייזֶער נאפאלעאן אַז ..עֶר הָאט נִיט גִיהַאט שִׂנְאָה אוּנ הָאט גִיט גִיקֶענְט זֶעהְן נְקָמָה.

אוּנ דִיא צייט וֶוען שָׂרֵי הַסֶּענַאט אוּנ שָׂרֵי הַמְּדִינָה הָאבֶּען מְסַבִּים גִיוֶועזִין אִיהְם צוּא קְרֵיינֶען פַאר ..קֵייזֶער הָאט דֶער גְרוֹיסֶער שַׂר קארנאט מִיט נָאךְ פִּיל שָׂרִים גִיוֶוערְט. אוּנ קארנאט וַואר דֶער פָארְשְׁטֵייעֶר פוּן זַיין חֶבְרָה. אוּנ ..עֶר הָאט אֵיין גִיוִויזִין אַז נאפאלעאן וֶועט זַיין ..קֵייזֶער וֶועט זַיין אַגְרוֹיסֶער חֶרוֹן פַאר דִיא מְדִינָה אוּנ בְּסוֹף הָאט ..עֶר מִיט זַיין חַבְרַיָא גָאר נִיט אוֹיס גִיפִירְט. אוּנ ..עֶר אִיז דָאךְ גִיקְרֵיינְט גִיוָוארִין פַאר ..קֵייזֶער. אַלֶע שָׂרִים הָאבִּין גִימֵיינְט אַז דֶער ..קֵייזֶער וֶועט זַיין אַגְרוֹיסֶער שׂוֹנֵא צוּא דִיא לֵייטֶע אוּנ ..עֶר וֶועט זַייא הַאסִין אָבֶּער עֶר הָאט זַייא נִיט גִיהַאכְט וֶועדֶער אוֹיךְ נִיט גִילִיבְּט. קוּרְץ עֶם גִישַׁאה קארנאט אִיז ..זַייעֶר פַארְאַרִימְט גִיוָוארִין אוּנ אִין יָאהְר 1809 הָאבִּין שָׂרִים אִים גִיוָואלְט תָּפוּס ..זֶעצִין אוֹיבּ עֶר וֶועט נִיט אָבְּגֶעבִּין וָואס עֶר אִיז זַייא שׁוּלְדִיג. אוּנ וַוייל ..עֶר אִיז גִיוֶועזִין בְּעֶצֶם אֵיין גְרוֹיסֶער שַׂר אוּנ ..עֶר הָאט גִיזֶעהְן אַז אִין קוּרְצֶע צייט וֶועט עֶר תָּפוּס גִיזֶעצְט וֶוערִין וָוארוּם ..עֶר הָאט זִיךְ קֵיין רַאט גִיקֶענְט גֶעבִּין וִויא וֶועט עַר נֶעמֶען אַזוֹיא פִּיל גֶעלְט 80 טוֹיזִינְד פְרַאנְקִין אִיז ..עֶר שׁוּלְדִיג גִיוֶועזִין אַזוֹיא אִיז ..עֶר בַּאלְד מְשׁוּגָע גִיוָוארִין פוּן זָארְג אוּנ בַּייא טָאג פְלֶעגְט עֶר נִיט עֶסֶען אוּנ דיא

דיא נאכט פלעגט ער ניט שלאפען פון דאגה. איין מאהל פאלט אים. צוויין איין גידאנקען. איך וועל בעטין דעם גנעדיגען קיניג דיא טובה דען קיין אנדערער קען עס ניט בעווייזען אזויא צטובה צוא טוען.

נאכהער האט ער ווידער צוא זיך זעלבסט גיזאגט וויא קען איך בעטין ביים קייזער אזויא איין טובה. דען איך בין דאך בייא אים אלס שונא גירעכינט וייל איך האב ניט צוא גילאסט אים צוא קריינען אלס קייזער. לא די וואס ער וועט מיר קיין טובה טאן נאר ער וועט מיר נאך דער מאהנען מיינע אונרעכט נאר אין דעם טראכט ער צוא זיך זעלבסט ווען איין מענש טרעגקט האפט ער זיך אן אמעסער אונ וייל איך בין אין אזויא איין צרה. טוז איך איהם שרייבין אונ מיט דעם גידאנקען האט ער גינומען איין פעדער אונ האט גישריבען דיא איינציגע ווערטער איך בין אין איין שלעכטע לאגע איך בין שולדיג 80 טויזינד פראנק אונ איך האב עס ניט צוועק צוא געבען אונ דאדורך קען איך תפוס קומען. אלזויא בעט איך דעם קייזער דאס זיין רחמנות זאל זיך אויף מיר בעציהען. אונ מיר דיא סומע העלפין. דען פון אנדערע קען איך עס ניט פארלאנגען בעטען צוא לייהען. וויא נאפאלעאן האט דיזען בריף געלעזט אלזויא האט ער מיט טרערין גיוויינט אונ שרייבט איהם אפ אז ער וועט קורצין בעפרייט ווערין. אונ באלד האט ער גישיקט נאך זיין אדיוטאנט אונ זאגט דער מארשאל קארנאט איז זייער פארארימט אונ דאס איז ניט שיין פאר צרפת. נאר אבער איך זאל איהם געבין אלס מתנה איז פאר איהם ניט שיין אונ זיין בלוט וועט אין אים פארגאסין ווערין קענין אנדערע שררים ע"כ זאלסטו אן מיר שרייבען פון דאטע יאהר 1803 אז עס פעלט איין שר החיל אונ דער מאן קארנאט טויג צוא דיא שלוזגע בעסער וויא אנדערע יונגע לייט אונ איך וועל אונטער שרייבען דעם בעפעהל פון יאהר 1803 אונ איך וועל אויס צעהלין זיין לוין 12 טויזינד פראנק איאהר אונ דוא זאלסט אים פיר דיא פאריגע יאהרען פון קאסע באצאלין דען וועט ער בעפרייט ווערין אונ ער וועט זיך ניט בארפען שעמען וואראם אלע שררים וועלין דאך וויסען אז ער האט זיינע פענסיע פאר דיא פאריגע יאהרען בעקומען אונ פון היינטע אן זאל ער זיין איין פון היועצים. אונ עס גישיכט עס איז תיכף אזויא אויסגיצאלט גיווארין. נו זעהט איהר ליבע לעזערס וואס ער איז גיוועזין. אונ נאך פיהל גישיכטעס איז דא פון אים מעלכע ארטען צוא שרייבען.

איין מאהל איז גיקומען איין וויטווע מיט איהר זאהן פאר דעם פאלאץ מיט איין פראשבע צום קייזער. אונ דער יונגער פרינץ איז גישטאנען ביים פענסטער אונ ער האט דער זעהן דיא פרויא מיט איהר זאהן ער קרענט ביא זיין ערציערין ווארום זייא גייען אין טרויער קליידער דיא דערציערין ענטפערט דער מאן פון דיא פרויא דאס איז דער פאטער פון דיזען קינד איז אין מלחמה גיהרגט גיווארין דרום קלאגין זייא אונ דער קינד וויל צוא זיין פאטער איין גיבעט בעטין דורך איין פאפיר אלזויא איז דער קינד ארוים פון פאלאץ אונ האט איהם גיפרעגט אלס איין קינד פרעגט דעם אנדערין קינד האסטו צוא עסין ווען דוא קיין פאטער האסט אונ נאך אזעלכע דבורים האט ער מיט איהם גישפראכין. אונ נאכהער זאגט דער פרינץ גיב מיר דיין פאפיר אונ איך וויל דעם פאטער אפגעבין אונ וייל דער קייזער וואר דען גאנצין טאג ניט צוא הויז אלזויא האט דער פרינץ פיל קומער גיטראגען ווייל ער קען ניט ערפילען דיא בקשה פון ארעמען קינד. אונ באלד מארגענס פריא וויא ער איז נור אויף גישטאנען אזויא איז ער אריין גיגאנגען צום קייזער אונ שפראך ליבער פאטער איין ארעמער קינד וואס גייט אין טרויער קליידער וועגין זיין פאטער וואס ער איז גיהרגט גיווארין אין דיין מלחמה ביטעט הילפע פון דיר אין דיזען בריף דער קייזער האט איהם גיקישט אונ גיהאלזט פאר פריידע אונ שפראך איך בין זיכער אז דוא וועסט זיין דיא פריידע פון צרפת דען דיין גערעכטיקייט אונ רחמנות זעהט מען פון דיין יוגענד אן. אלזויא נעמט דער קייזער דיא פראשבע אונ לייענט איבער אונ שרייבט פון אנדער זייט דאס מאן זאל איהר געבען איהר זאהן געבען טויזינד פראנק אייאהר אונ צוא דיא פרויא זאגט ער קליג האסטו גיטאן וואס דיין קינד האט גירעט מיט מיין קינד דען האסטו גישווינד דיין בקשה אונ ווען ניט דאס האסטו גיקענט ווארטען כמה יאהר איידער דוא וואלסט מיך גיקריגען צום ריידין ווארום דיא בעטערס זענין זויא פיל אז דיא צייט ערלויבט מיר ניט יעדען צוא ענטפערען זויא ביקט זיא זיך מיט ווינשען אונ גינג מיט פריידין אפ.

איניגע טעג איידער דער קייזער נאפאלעאן איז ארוים אויף מלחמה קיין רוסיא אין יאהר 1812 האט ער גישיקט נאך דיא גרעכטע בודעווניצעס פון פאריז אונ האט זייא פאר גילייגט אז ער וויל לאסען בויען איין שיינעם פאלאץ פאר זיין יונגען זאהן מלך רומי אזויא האבען דיא בודעווניצעס אים פאר געשטעלט דעם פאלאץ פון מיהיילאף וואס דער ערשטער (פויל). קייזער רוסיא האט אין אים

גירוט

גידוט אונ זיין בעטראף איז 72 מיליאן רובעל זילבער אלזויא האט דער קייזער אויף זייא אן גישריגען אונ שפראך מיינע ליבע אין דיא צייט פון שלום דארף מיר ניט אזויא אשטארקען פעסטונג אונ אין דיא צייט פון קריג העלפט דאס ווידער ניט. אינדעם וויא ער האט מיט דיא בודעווניצעס גירעט אין דעם ענין אזויא איז זיין קינד אריין גיקומען אזויא האט ער אים באלד צוא גינומען אונ האט אים גיקישט אונ גיהאלזט אונ ער שפראך מיין ליבער זעהנכען מיר שמיסען דיינטוועגען צוא מויערין איין פאלאץ פאר דיר אונ איך קען עס בויען. אבער אז דער שונא וועט מיר איבער שטארקען וועלין מיר ביידע אפילו אאייגינע ביידעלע ניט האבין אונ צוא דיזע ווערטער האט דיא טרערין אויס זיינע אויגין גיפליסט נור מיר מוזען טאן וואס דער רצון זאגט אונ גאט לאז טאן וואס ער וויל. אונ אזויא הט ער אבגירעט אז ער וועט קומען גליקליך פון דער מלחמה וועט מען אן הייבען צוא בויען אונ זייא גינגען אפ.

---

# דיא מלחמה פון קייזער נאפאלעאן מיט קייזער אלכסנדר קייזער רוסיא

ליבע לעזערס איהר וועט אודאי וועלין וויסען ווארום נאפאלעאן האט דיזע מלחמה גיפירט ווארום בתכלית האט ער דאך שוין גיוואלט רוהיג זיצען אונ לעבין אין נחת מיט זיין יונגער פרויא אונ מיט זיין יונגען זעהנבען. אלזויא מוז איך אייך ערקינדיגען דאס זיין הצלחה וואס עס איז גיוועזין גרויס וואס עס קען גרעסער ניט זיין האט זיך שוין גיענדיגט אונ זיין הצלחה האט שוין גידארפט פאלין וויא איהר וועט פון דיא פאלגענדע גישיכטעס ערפאהרען.

אזויא האט דער איבערשטער גישטארקט זיין הארץ אונ זיינע גידאנקען אז ער זאל גיין צום שטרייט. אונ ווייל דיא קליינע מלכים זענין גיוועזין אונטער זיין בעפעל גידריקט דאס זייא האבען זיך ניט גיוואגט צוא מורד זיין אן איהם אלזויא האט דער איבערשטער ער וועקט דאס הארץ פון קייזער רוסיא וואס ער איז גיוועזין אקייזער אדיר אונ ארב חסד וצדקה אז ער זאל פיהרען מיט נאפאלעאן מלחמה ווארום בלויס ער איינער פון מלכי אייראפא האט פאר נאפאלעאן קיין מורא גיהאט אבער פון דיא אנדערע מלכי אייראפא האבען זיך

פאנגעוויס ניט געוואגעט מיט איהם מלחמה צוא האלטען . אונ דורך איהם איז ער פארטריבען געווארין אונ דער איגהאלט וואס איהם האט ערוועקט צום קריג איז וייל דער שלום וואס זייא האבען געמאכט אין טילז איז אבגעמאכט געווארין אז קייזער רוסיא זאל ניט לאזין ענגלישע סחורה קאמען אין זיין מדינה אונ דאס איז ניט געשעהן אונ דאס האט געערגערט צוא נאפאלעאן זייער פיל . אונ באמת פאר וואס איז ניט געשעהן דארפען מיר וויסען אז קייזער רוסיא האט דאס גיטאן בצדק וביושר . ווייל נאפאלעאן האט צוא צרפת צוא גינומען אלע שטעט וואס בייא דעם ים התיכון שטייט . דעם גאנצען יאהר 1811 האבען זייא איינער צום אנדערין בריף גישריבען אין יעדער וואר גירעכט נאך זיינע טענות ביז דער פייער איז ארוים גישפרינגען אונ נאפאלעאן האט מסכים גיוועזין בייא זיך אין גידאנקען צוא מלחמה .

(ויהי היום) נאפאלעאן האט גיגעסין מיטאג מיט זיין ווייב אונ מיט זיינע שרים צוא זאמען האבין זייא גירעט וועגין דעם אינהאלט אלזויא האט ער אלס ביסליך ווייס פון מויל ווערטער ארויס גילאזט דאס ער וויל גיין אויף שטרייט זיינע שרים האבין דאס גיהערט אזויא האבען זייא גוט פארשטאנען אז ער האט שוין הסכמה באמת ווארום ביז אהער האט ער זאלכע הרטע רייד גאר ניט גירעט זייער הארץ איז אין זייא צוא גאנגען וויא וואסער וויא זייא האבין גיהערט אויף רוסיא צוא גיין אויף מלחמה אבער זייא האבען זיך ניט גיוואגעט איין ווארט צוא שפרעכין אויף גיין .

אויך דיא קייזערין האט קיין ווארט גירעט . נור זיא איז גיזעסין אויף איהר שטיל אונ טרערין האט גיפליסט אויס איהרע אויגין וויא איין טייך גייט פון אקוואל . דער קייזער פאלט איהר אויפין האלז אונ זאגט מיין טייערע וואס ווייגסטו אונ וואס ערגערט דיר . איך זאג דיר מיט אשבועה וויא איך לעב אז דיא מלחמה וועט ניט אן רירעז אן דיין פאטער נור אויף דיין פאטערס שונאים וועט דיא מלחמה גיין .

דיא קייזערין ענטפערט זאלכט ניט מיינען אז איך זארג אויף מיין פאטער איך ווייס אז מיין פאטער איז איצט הונדערטע קלאסען שטארקער אין תכסיסי מלחמה וויא צוא פאר . זאלכט נור פאראבירען אין שווערער אויף היזבען אויף עסטרייך וואלט דיא גאנצע מדינה ליט אויף צרפת ארויס וויא דיא הינגעריגע לייבין . אונ זייא וואלטין הנ״ל צרפת איין גישלינגען . נור דיא זאלכט וויסען זיין אז פון דיינט וועגין מיין מאן אונ האר זארג איך פיל וויא איך האב גאר גיהערט אז דוא מיינסט צוא גיין אויף מלחמה הוא דארפסט וויסען זיין מיין

מאן

מאן . אז דיינע גוטע פריינד זענין פריינד נאר פון מורא אבער ניט פון הארצין אונ דיא מלחמה הער ווייט פאר נעמין אונ וויא באלד דוא וועסט נאר עפעס ניט מצליח זיין אזויא וועלין אלע ארויס ווייזין זייער פארבארגינע שנאה אונ זייא וועלין צרפת צוא רייסען נאך זייער באגער אונ דעם גאנצין זכות וועט איינער יונגער אונשילדיגער קינד גיניסען .

ליבע לעזערס דיא קייזערין האט וואהע ווערטער גיזאגט אבער ער איז צוא שוידערט גיווארין אזעלכע ווערטער צוא הערין אונ ער האט גיזאגט מיט צארין וואס הערין דא מיינע אויערען דוא שענסטע פון פרויען וויא קענסטו ריידען פין אינהאלט מלחמה וואס ווייסען פרויען צוא געבין עצות אין דעם ענין מלחמה אונ וויא קען איין פרויענצימער גאר וויסען דאס שטארקע הארץ פון איין גבור מלחמה וואס האט פיל יאהרען מלחמה גיפירט אונ גובר גיוועזין . מיין טייערע פרויא אונ דיא שענסטע פרויא איך בעט דיך קרענק מיך ניט מיט דיין וויינען אונ גיב מיר קיין עצה ניט אין ענין מלחמה דיר וועט דיא קוילין ניט גרייכין זייא וועלין אזויא ווייט ניט גרייכען דיר שאדין צוא מאן . איך . איך . שטייא נור אין סכנה אונ מיין שבועה וואס איך האב גישווארין צוא דיא קרוין אז איך זאל שטיין פאר צרפת מיט מיין לייב אונ לעבין וועל איך ניט משנה זיין כל זמן מיין כח איז אין מיר .

אונ צוא דיא ווערטער האט ער אלע שרים ארויס גישיקט פון פאלאץ אונ זייא ביידע האבין ביז נאכט גירעט דעם ענין אונ נימאנד האט גיוואוסט וואס זייא האבען גירעט .

עס גישיכט דען 9 מייא 1812 איז נאפאלעאן ארויס פון פאריז מיט 550 טויזינד מאן אלע גרויסע גבורים אונ (מלומדי מלחמה) וואס פירכטין זיך ניט פאר דעם שונא .

דאס וועל איך אייך ערקינדיגען אז וויא נאפאלעאן האט זיך גיזעגינט מיט זיין הייז גיזינד אונ דאס זיך גיזעצט אויף זיין פערד אלזויא האט זיך זיין פערד אויס גיגליטשט וויא דיא שרי החיל האבען דאס גיזעהן דאס זיין פערד האט זיך פליצלונג אויס גיגליטשט האבען זייא אלע זיך גישטעלט קעגין אים אונ האבין אים גיבעטען אז ער זאל ניט גיין צוא מלחמה ווארום דער גליק פון דעם פערד ווייזט אז מיר וועלין דיא מלחמה ניט גיווינען . אבער ער האט זיך ניט גיקערט צוא זייערע רייד אין צוא זייערע טרערין אין דיא שווערע סכנה זענין זייער ועגם גיגאנגען אונ עס גישאה זייא זענין גיקומען ביא קאוונא ,

ליבע לעזערס איך וועל דיימליך ערקלערין דיא רייכטהום פון דעם (מלך אדיר) וועט איהר זעלבסט וואונדערין וויא אזויא ער האט אן גיווארין נאר דער אמת איז השי"ת האט איהם צוא בראכען ווארום ביא איהם איז אלע שטארקייט ניט גיאכטעט.

חוץ זיינע אייגינע חיל 550 טויזינד זענין נאך איהם צוא הילפע גיקומען פון קייזער עסטרייך 35 טויזינד אינ פרייסין האט גיגעבען צוא הילף 20 טויזינד היינט וואַרין פון פוילין. בייערין. אונ פון אנדערע מלכים. 1300 קאנאנען האבען דיא שווערע מחנה מיט גיהאט צום שטרייט 1000 וועגין זענין מיט גיפאהרען בעלאדען מיט שפייז. אינ (צרכי מלחמה). דער כלל איז דיא ערד האט וואר גיציטערט פון דיא מחנה. אונ גאנץ פוילין זענין צוא גישטאנען צוא נאפאלעאן.

אין דיזע צייט וויא דיא מחנה איז גיוועזין ביא קאוונא האט אלכסנדער צוא נאפאלעאן גישיקט איין שליח אז ער וועט טאן זיין רצון אונ ער וועט מיט איהם דורך זעצען אין זיין מחנה זאל ער נאך ניט ציען אין פוילין. אבער נאפאלעאן האט גיטראכט אז דער קייזער אלכסנדר וויל איהם נארען. דרום האט ער ניט גיפאלגט דעם שליח. אונ שרי חיל רוסיא האבען מסכים גיוועזין אלע מאגיזינען צוא פאברענען כדי דער גרויסער חיל צרפת זאל פארהונגערט ווערין. הכלל איז דיא רוסין האבין זיך אלע צוריק גיצויגין פון צרפת. אונ האבען ליידיג גימאכט אלעס וואס אמענש דארף צום עסען. אונ דיא עצה האט גיטייט אין דיא צרפתים פיל מעהר וויא קאנאנען. ווייל זייא האבען גיגעסין שלעכטע מאכלים זענין פיל זעלנער אויס גישטארבען אונ דיא גרויסע היץ וואס ביא טאג האט גיברענט. אונ גרויסע קעלט וואס עס איז גיוועזין ביא נאכט האט וואר אוועק גינומען דיא כוחות פון דיא צרפתים אונ דיא צרפתים זענין גיקומען ביז וויטעפסק זייער מיד אונ אין צרות. זאל נאפאלעאן טראכטען אז אין אמדינה וויא מענשין זענין דא זאל ער מוזין מיט נעמען פראוויאנט פאר זיין חיל.

צוא דיזע צייט האט נאפאלעאן זיך ערקונדיגט אז בערנאדאטטע וואס ער האט איהם גיקריינט צוא (מלך שוועדען) האט אין איהם גיפעלשט אונ איז צוא גישטאנען צוא קייזער רוסיא אויך איז גיווארין שלום צווישען קייזער רוסיא אונ דער סולטאן וואס דאס האט ניט גוט גישמעקט פאר נאפאלעאן.

דען 15 טען אויגוסט האבען זייא איין מלחמה גימאכט ביא קראסנא האבין זייא דיא רוסין צוא שלאגען אונ נאכהער האבען

זייא

זייא גיצווינגן בייא דעם גרויסען פעסטונג סמאלענסק 20 טויזענד אנשי חיל זענען געוועזען אין פעסטונג אונ דער פעסטונג איז געוועזען שטארק. אבער אז נאפאלעאן האט גיהייסען צוא נעמען דעם פעסטונג אזוויא האבען זיך דיא צרפתים גישטעלט צום שטרייט מיט אכזריות אונ מיט גרעסיגקייט אונ אקיצור קען איך אייך לעזערס זאגין אז טייכען בלוט איז גיגאנגען אן אויף הערונג אונ דיא פעלדער איז געוועזען באדעקט מיט טויטע מענשען אונ מיט טויטע פערד אונ וויא דיא רוסין האבען גיזעהן אז זייא וועלין ניט בייא שטיין קענין דיא צרפתים אלזוויא האבען דיא רוסין אן גילייגט פולווער אין דיא פעסטונגען כדי עס זאלען אלע טויערען אן הייבען צוא ברענען אונ דיא מחנה רוסין זענין ארויס פון פעסטונג אונ עס גישאה וויא חיל צרפת זענין אריין אין פעסטונג אזוויא איז דיא פולווער מיט פייער ארויס אונ דער גאנצער פעסטונג איז ארום גירינגילט גיווארין מיט פייער אונ עס איז ניט דא צוא עסען אונ צוא טרינקען צוא דיזע צייט האבען דיא זעלנער גיקריגט אויף זייער קייזער אונ האבען גיזאגט ווארום האסטו אונז ארויס גיפירט פון אונזער מדינה צוא לאזען אונז שטארבען אין הונגער אונ דארשט.

אבער נאפאלעאן האט דיזעס מיט גידולד ערטראגען דען ער האט זיך זעלבסט פאר גישטעלט אז דער ווייטאג פון הונגער רעט אין זייא.

בקיצור עס איז ווידער מלחמות געוועזין און עס וואר ווידער פיל מענשען גיהרגט גיווארין אונ לסוף זענין דיא רוסין ווייטער גילאפין דאן האט יעדער שר החיל פארשטאנין אז דאס אנטלויפין פון דיא רוסין האט צוא בעדייטען פאר דיא צרפתים מעהר וויא דיא גרעסטע מלחמה.

מענכע מענשען זאגין אז דיא מחנה נאפאלעאן האבען מיט גיפירט שפייז אבער ווייל דיא וועגן זענין געוועזין שווער בעלאדען האבען זייא ניט גיקענט נאך האלטען גלייך מיט דעם חיל אונ דאריבער איז דאס חיל איינגיהונגערט גיווארין.

דעם 6 טען אויגוסט האבין בייידע מחנות גירוט פון דיא פאריגע מלחמות אונ זייא האבין זיך מכין געוועזין צוא איין גרויסע מלחמה.

נון דען 7 טען אווגוסט אוהר 6 האט דער קייזער נאפאלעאן גיגעבין איין צייכען צום שטרייט אונ פלוצלונג האבען אן גיפאנגען צו פליהען קוילין פון זיינע קאנאנען גלייך וויא איין גידעכטער רעגין דאס גלייבען דיא רוסין האבען אויך גוט גיענטפערט פייער אויף פייער האט

זיך

זיך באגעגענט דער שר צרפת מיט זיין נאמען (מוראט) איז שיר געפאלין ביא דיא רוסין אין דיא הענד נאר ער איז ליבערפס אין פייער גילאפען אידער מאן זאל אים חאפין אונ ער איז גיצאל גיווארין פון דיא קוילין אונ פון דיא רוסין. אויך אין אנדערע ערטער איז גיוועזין מלחמה דיא וועלגער פון ביידע קיסרים האבען וואהרליך גימיינט אז דיא ערד וועט מוזין אונטער גיין. צווישען אלע מלחמות וואס נאפאלעאן האט אין זיין לעבין גיהאט וואר גיוואלדס אזויא פורכטבאר זויא דיא מלחמות עטוואס וועל איך איך נאר ערקלערין פון דיא מלחמה דען דעם גאנצען תוכין איז צוא פיל.

רוסין זענין גיהרגט גיווארין 10 טויזינד פראנצויזין 9 טויזינד אונ פון ביידע מחנות זענין גיפאלין גרויסע (שרי החיל) 30 טויזינד רוסין זענין גיווארין צוא וואונדעטע פון שווערד אונ פון באגנעט אונ פון פיקעס אינ צווישען זייא וואהרען 11 שרים צוא וואונדעט גיווארין אונ פון דיא צרפתים זענין צוא וואונדעט גיווארין 32 טויזינד.

אך וויא פארכטיג איז דאס צוא הערין נאך קענט איהר זיך ליכט פארשטעלין דיא מורא אונ פחד וואס אויף דיא וועלגער פון ביידע צדדים איז דאמאלס גיוועזין.

(אין קץ למלחמה) צוא דיא מלחמה האט נאך ניט קיין סוף גינומען אונ דיא צרפתים גייען קיין (מאסקאווע) ווייל דיא רוסין זענין ווייטער גילאפין.

דער גרויסער גבור (שר חיל רוסיא קוטאזאוו) האט איין שטארקען בעפעל גיגעבין אז אלע מענשין וואס עס גיפינט זיך אין (מאסקעווע) זאלין פון שטאט ארויס אויב זייא ווילין לעבין בלייבין.

ליבע לעזערס איך זאל אייך ערקונדיגען שריפטליך וויא דיא לייטע (גבירי מאסקאווע) וואר אויפין הארצען שלעכט. איז גיווים ניט נייטיג. ווארום דאס קען יעדער פארשטיין דעם טרויער דער פון אונ בקיצור מאן אונ ווייב אונ קינדער האבין זיך אן גינומען ביא דיא הענט אונ זייא זענין ארויס פון דיא גרויסע אונ גיריסטע שטאט. אונ זייערע רייכטהום איז אלם גיבליבען אין זייערע הייזער. ווארום מאן קען דאך אלעס ניט מיט נעמין את קוטאזאוו האט באפעלט אז אין פיל ערטער זאל גילייגט ווערין פולווער אונ פייער זאל זיין גרייט דאס וויא דיא צרפתים וועלין אריין קומען אין שטאט זאל פון אלע ווינקלען אן הייבין צוא ברענין אונ עס גישאה דיא שטאט מאסקאווע איז גיבליבין פוסט פון מענשען:

וויא דיא צרפתים זענין גיקומען נאהנט ביא מאסקעווע האבין זייא זיך זייער גיפרייט דען זייא האבען גיטראכט דא וועלין זייא שוין

מנוחה

מְנוּחָה גִיפִינֶען אָבֶּער אַךְ לֶעזֶער וִויא זַייא זֶענִין אַריין גִיקוּמֶען אִין שְׁטָאט הָאבֶּען זַייא נָאר טְרוֹיעֶרְקֵייט גִיפוּנֶען בְּלוֹיס פַארְשְׁלָאסֶענֶע מוֹיעֶרִין אוּנ. קֵיין מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זַייא נִיט גִיזֶעהֶן .

אִין אַיין קְלֵיין פֶעסְטוּנְג בַּייא מאסקעווע זֶענִין גִישְׁטַאנֶען 1000 רוּסִין אַלְזוֹיא וִויא דִיא צרפתים הָאבֶּען נָאר אָן גִיהוֹיבִּין צוּא שִׁיסֶען זֶענִין זַייא בַּאלְד צוּא לָאפִין וִויא זַייעֶר שְׁטַייגֶער וָואר מוּראט שר החיל אִיז אַרַיין אִין פֶעסְטוּנְג הָאט עֶר גִיפוּנֶען 100 קַאנָאנֶען 60 טוֹיזִינְד בִּיקְסִין אוּנ אַנְדֶערֶע כלי מלחמה אוּנ זַייא הָאבֶּען דָארְטִין גִירוּט אוּנ דֶעם 15 טֶען אִיז דֶער קֵייזֶער מִיט זַיין גְרוֹיסֶע מַחֲנֶה אַרַיין אִין מאסקעווע אוּנ עֶר הָאט זִיךְ בַּאזֶעצְט אִין פַּאלַאץ קרעמל אוּנ מארטיער הָאט עֶר גִימַאכְט צוּא אַיין שַׂר אוֹיף דִיא שְׁטָאט .

בְּקִיצוּר גִירֶעט וִויא דֶער קֵייזֶער נאפאלעאן הָאט זִיךְ נָאר גִילֵייגְט אָפּ צוּא רוּהֶען אַזוֹיא אִיז גִיהֶערְט גִיוָוארִין אַרַעַ״שׁ דִיא שְׁטָאט בְּרֶענְט אוּנ אִין אֵיינִיגֶע מִינוּטֶען הָאט דֶער פַייעֶר דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט אַרוּם גִירִינְגֶלְט דִיזֶע נַאכְט מִיט דֶעם טָאג נַאכְהֶער אִיז עֶר שׁוֹין גִיעֶנְדִיגְט גִיוָוארִין הָאבֶּען דִיא צרפתים זִיךְ גִיפְרֵייט זַייא הָאבֶּען גִימֵיינְט עֶס וֶועט שׁוֹין מֶעהְר נִיט בְּרֶענִין אָבֶּער אַךְ לֶעזֶער דִיא צְווַייטֶע נַאכְט הָאט אָן גִיהוֹיבֶּען צוּא בְּרֶענִין דֶער פַּאלַאץ וִויא דֶער קֵייזֶער אִיז גִיוֶועזִין אוּנ עֶר הָאט קוּים פָּאסְפֶּעט מִיט זַיינֶע שָׂרִים אַרוּם צוּא לוֹיפֶען פוּן פַּאלַאץ אוּנ ווייל דֶער פַייעֶר אִיז גִיוֶועזִין מִיט אַזוֹיא אַשְׁנֶעלִיגְקֵייט פוּן דִיא פֶּעסֶער פוּלְוֶוער זֶענִין דִיא מוֹיעֶרִין צוּא שְׁפְּרוּנְגֶען גִיוָוארִין אוּנ דִיא צִיגִיל זֶענִין גִיפְלוֹיגִין אוֹיף דִיא צרפתים וִויא קוֹילִין פוּן הַארְמַאטִין אוּנ זַייא הָאבֶּען נִיט גִיוואוּכְט וִויא זִיךְ צוּא בַּאהַאלְטֶען אוּנ פִיל טוֹיזִינְד צרפתים זֶענִין כָּלָה גִיוָוארִין פוּן דֶעם פַייעֶר אוּנ מִיט גְרוֹיס מִיהֶע הָאבֶּען זַייא קוּים גִיפוּנֶען אַיין שְׁמָאלֶע גַאס וִויא אַרוּם צוּא לוֹיפֶען פוּן מאסקעווע .

צוּא דִיזֶע צַייט הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע שָׂרֵי החיל גִישְׁטֶעלְט פַאר נאפאלעאן אוּנ הָאבֶּען אִים עֶרְקִינְדִיגְט אַז דִיא מלחמה שְׁטֵייט אוֹיף זַייעֶר אַלֶעמֶענְס לֶעבִּין אוּנ הָאבִּין אִים גִיבֶּעטִין עֶר זָאל שָׁלוֹם מַאכֶען .

דֶעם 18 טֶען אויגוּסְט זֶענִין דָאס גַאנְצֶע חַיִל צרפת׳ צוּא רִיק אַרַיין אִין מאסקעווע אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נִיט צוּם עֶסֶען בְּלוֹיס זִיךְ צוּא פְרֵייעֶן מִיט דִיא פַארְבְּרֶענְטֶע חוּרְבוֹת .

צוּא דִיזֶע צַייט הָאט נאפאלעאן גִישְׁרִיבֶּען אַיין בְּרִיף צוּם קֵייזֶער רוסיא וֶועגֶען שָׁלוֹם אָבֶּער עֶר הָאט אִים נִיט גִיעֶנְטְפֶעְרְט .

נַאכְהֶער הָאט עֶר ווִידֶער גִישִׁיקְט אַיין בְּרִיף וֶועגֶען שָׁלוֹם אָבֶּער עֶר הַאט אוֹיךְ דֶעם צְווַייטֶען מָאהְל נִיט גִיעֶנְטְפֶעְרְט אוּנ דִיא צרפתים

האבען אן גיהויבען צוא שטארבען פון דיא שלעכטע שפייז וואס זייא האבען גיגעסין אונ דאצוא האט שון אן גיהויבין צוא פרירען אונ צוא שנייען .

נון איז גיגעטהיגט גיוועזין נאפאלעאן צוא ריק ציען פון מאסקעווע .

הערט צוא ליבע לעזערס וואס נאפאלעאן האט גילאסט לעצנגעלט צוא דיא שיינע שטאט מאסקעווע זיין שר מארטהיער האט ער בעפעלט אז אלע פעסטונגען אונ שיינע מויערין וואהרליך ביז דיא פונדאמענטען צוא צוא ברעכען נין וויא מאכט מען עס אבער אין אקורצע צייט אלזויא האט ער גיפעכטע שטריק אן גיבונדען איינעם צום אנדערען אונ אין יעדער מויער האט ער גישטעלט איין פאס פולווער . אונ דיא פאס ארום גיבונדען מיט דוא פעכיקע שטריק . אונ וויא דאס גאנצע חיל זענין פון שטאט ארוים אונ וויא זייא האבין פאר שטאנען אז דיא רוסין זענין שוין דא אין מאסקעווע אזויא איז דיא שטריק אן גיצונדען גיווארין אונ וייל זיא איז גיוועזין דורך אויס דיק אין פעך האט עס גישווינט גיברענט אונ אין איין פערטיל שעה איז אלע פעסער פולווער אן גיצונדען גיווארין אונ אויף איין מאהל איז הונדערטע מויערין איין גיפאלין אונ דיא שטאט איז ארום גירינגילט גיווארין מיט פייער אונ כמה צעהן טויזינד מענשען זענין אין איין אויגין בליק גיהרגת גיווארין אונ וויא נאפאלעאנס חיל זענין דורך גיגאנגען אין אשטאט האבין זייא אלם פאר ברענט .

אונ צוא דיזע צייט האט דער פראסט זיך גישטארקט אז דיא איידעלע מענשין צרפתים האבין שוין ניט גיקענט דער טראגין אונ דער פראסט מיט דעם הונגער האט אן גיהויבין צוא טייטין אין זייא פיל מעהר וויא דיא קאנאנען .

צוא דיא שלעכטע צייט האט ער איין שלעכטע נאכריכט פון פאריז גיהערט אונ דאס האט איהם גישטאכין וויא שפיזין יענעראל מאלעט אין פאריז האט אויף אים איין קשר גימאכט אז מען זאל איין אנדערין מלך אין פאריז זעטצען דאס איז גאר נימאלס אויף זיינע גידאנקען גיפאלין אזויא איין אופטראכט האטצי דער יענעראל מאלעט אונ וועלכע שרים וואהרען מיט אים צוא היפע זענין גיהרגת גיווארין פיר זייער שלעכטע גידאנקען דאך אבער האט אים זעהר גיגרימט .

נון גינגען חיל צרפתים צוא ריק צום פעסטונג סמאלענסק אבער וואס ווייטער זייא האפין רוהונג צוא גיפינען ווערט אלס ערגער זייער שפייז איז אויס גיגאנגען אונ זייא זענין נאר גיבליבען בייא סוהארעס אונ וייל זייא זענין ניט גיוואנט גיוועזין אזעלכע שפייז צוא עסען זענין זייא אם מערסטען באלד נאך זייער עסען גישטארבען

אונ

אונ זייא זענין גיגאנגען אן כח אונ הינטען יאגען שוין דיא רוסין אונ נאכהער וויא שווארצענבערג איז פון טינבק אפ גיגאנגען איז אלע אנגיגרייטע שפייז (צרכי המלחמה) גיפאלין בייא דיא רוסין אין גיפענקעניש .

(כל השומע) וועט עס וועט הערין דעם שטאנד פון דיא צרפתים וויא זייא זענין צוא ריק גילאפין וויא קלינגען זיינע אויערין הערט לעזערס צוא דען וועט איהר זיך איבער ציינגען (ברוב חילו לא ימלט) דורך פיל חיל קען מען ניט אנטרינען ווערין (שקר הסוס לתשועה) אונ דיא הילף פון פערד איז אויך פאלש .

אלע סידרי המלחמה וויא זעלנער דארפען גיין איז בייא דיא רייזע צוא ריק לויפין צוא ריסען גיווארין יעדער זעלנער האט נאר גיקוקט זיין לעבין צוא היטען פון פראסט אונ פון שנייא דיא פיס האבין זייא גיוויקילט מיט טיכער כדי זייא זאלין ניט פארפרירען דעם קערפער האבין זייא איין גיהילט אין פעל פון שעפסען אידער פערדען פעל אונ דיא הענט האבין זייא גיווארימט ביים טויל מיט דיא פארע אונ וויא זייא האבין דיא הענט פון טויל אוועק גינומען אזויא איז זיא באלד פארפרארין גיווארין יעדער האט אויף זיך גיטראגין איין זעקיל מיט עסען שפייז וואס זייא האבין גיגזילט אונ איין טאפ האט יעדער גיטראגין אין וואס ער זאל קאכען זיין גיגזעלטע שפייז אידער פערדען פלייש אינ זויא זענין זייא גיגאנגען צווישען בערגער שנייא עטליכע קלאפטער דיא הייך אונ ווער עס האט זיך גיזעצט עטוואס צוא רוהען דער איז שוין ניט אויף גישטאנין אונ ער איז גיבליבען טויט פון פראסט אויף יעדערין פערד וואס איז גיפאלין זענין בעפאלין הונדערטע זעלנער וועגען צוא קריגין איין שטיקיל פלייש פון אים אונ דיא שרעקליכע וועג איז בייא דיא פראנצויזין גימינערט גיווארין 30 טויזינד פערד אונ דיא (צרכי המלחמה דאבען זייא זעלבסט צוא האקט אונ פארברענט כדי דיא רוסין זאלין עס ניט אן קריגען אינ הונדערטע זעלנער וויא זייא זענין עמנאם איין גישלאפען זויא זענין זייא שוין מעהר ניט אויפגישטאנען אונ צוא דיא צרות וואס פון גאט איז אויף זייא גיקאמען פראסט אונ שנייא אונ הונגער האבען זייא גיהאט נאך איין צרה הינטען האבען דיא רוסין גיאוגט אונ גיטייט .

מה נורא היה החזון הלזה .

אך וויא פארכטיג וואר דיזער אנזעהונג .

נאך אגרעסערע צרה איז אויף זייא גיקומען וואס עס האט וואר פון דיא צרפתים ניט גידארפט בלייבען אפילו איינער נאר נאפאלעאן

נפאלעאן מיט זיין חכמה האט ער מציל געוועזן כמה טויזנד מענשן .
דאס איז דער אינהאלט פון דיא שרעקליכע צרה . דיא מחנה פראנצויזין האבין זיך גיצוואונגען אריבער צוא גיין איבער איין בריק אנטקעגין דעם שונא דען אנדערש האבען זייא זיך ניט גיקענט העלפען נאר צוא גיין אנטקעגען פייער אודער צוא דערטרונקען ווערין אין אגרויסען טייך אונ וויא זייא האבין אן גיהויבין צוא גיין איבער דעם בריק אונ איבער דעם פאר פרארענען טייך אזויא האבין דיא רוסין אן גיהויבען צוא שיסען מיט קאנאנען אונ צוא דיזע צייט זענין דיא פראנצויזין גיוועזין וויא גיבונדענע צוא ריק שיסען האבין זייא ניט גיקענט אונ ווייל זייא האבין זיך גיהייליט אריבער צוא גיין איבער דעם בריק איז דער בריק צוא פיל בעלאדין גיוועזין אזויא איז דער בריק צוא בראכען גיווארין אלע מענשען מיט אלע צרכי המלחמה איז דערטרונקען גיווארין אונ דיא קוילין פון רוסישע קאנאנען האבין צוא האקט דיא אייז פון טייך אונ דער טייך האט אן גיהויבין צוא גיין זיין וועקס וויא אין תמוז צייט קיין מענש האט זיך גאר ניט פארגישטעלט אז פון דעם שטעל פון אזויא א צרה זאל חאטשי איינער ניצול ווערין אבער דורך נאפאלעאנס חכמה זענין דאך פיל ניצול גיווארין .

אין דיזען טאג זענין גימינערט גיווארין פון דיא פראנצויזין 20 טויזנד מאן זענין גיריכטעט גיווארין אין פייער אונ אין וואסער אונ זייער פיל קאנאנען אונ צרכי המלחמה איז צום שטרייטנד גינאנגען אונ דיא גרויסע עשירות וואס זייא האבין פון מאסקעווע גיפירט איז אן גיקומען צוא דיא רוסין אין דיא הענד .

וויא קייזער נאפאלעאן האט גיזעהן דאס דיזען ווינטער וועט ער שוין מעהר קיין מלחמה קענין מאכען אזויא האט ער בעפעלט אז אלע זאלין צוא ריק ציען קיין פאריז אונ ער האט גילאסט פאר איין שופט אויף דיא (יתר הפלטה מוראט) קעניג פון נעאפאל אונ נאפאלעאן איז גיקומען קיין פאריז דען 29 דעצעמבער .

כל זמן דיא פראנצויזין האבין גוואוסט אז זייער קייזער איז אויך צווישען זייא האבין זייא מיט גידולט ערטראגען זייערע צרות אבער וויא זייא האבין זיך דער וואוסט אז זייער קייזער איז שוין נאך פאריז אוועק אזויא זענין זייא גאנץ גיביטען גיווארין אונ נימאנד פון זייא האט שוין צוא זיין מושל אונ יעדער האט גיטאן וואס ער האט גיוואלט אונ וויא זייא האבין פאר דינט פון זייערע שלעכטע מעשים אזויא איז גיוועזין זייער גיצאלט פון דיא רוסין . נאך איידער זייא האבין זיך מכין גיוועזין אן צוא ווארעמען זייער פארפרארענען

קערפער אזויא האבין זייא שוין דער הערט דעם קול פון קאזאקען אונ זייא זענין גינייטיגט גיוועזין צוא אנטלויפען מיט זייער לעבען אונ האבין אפילו ניט מיט גינומען זייערע אוצרות .

(מוראט) קיניג פון (נעאפאל) איז צוא פוס אנטלאפין אונ ער האט ניט פאספעעט זיך צוא זעצען אויף זיין פערד דען 10 טען דעצעמבער האבין דיא קאזאקין גיפונען אונ גובר גיוועזין פראנצויזין 14 טויזינד .

דאס איבריגע וועלכע זענין גיקומען בייא ווילנא האט זייא איין נייע צרה גיטראפין זייא זענין אן גיקומען ביים בארג (פאנארי) אונ זייא האבין בשום אופן ניט גיקענט ארויף ברענגען זייערע אוצרות אונ וויא זייא האבין גיזעהן אז זייער מאטערניש איז אמזונסט או"נ אז זייא וועלין זיך פארזאמען וועלין דיא קאזאקין זייא האפען אלזויא האבין זייא צוא האקט זייערע קאנאנען אונ דיא וועגין האבין זייא פארברענט מיט פיל עשירות אונ אוצרות. אונ דיא קאסע וואס דארין איז גיוועזין געהן מיליאן טאלער האבין זייא אויך צוא האקט או"נ יעדער האט גינומען וויא פיל ער האט נאר גיקענט דערטראגען אונ זייא זענין ווייטער גיגאנגין .

אונ צוא דיזע צייט האבין שוין דיא רוסין ניט גיוואגעט ווייל זייא האבין זיך אויך ניט גיוואגעט בייא דיא פרעסט צוא רייטין דען דיא פרעסט האבין גיהאלטען 30 גראדע .

נון וועט איהר ליבע לעזערס וויסען וואס פון חיל צרפת איז גיווארין 50 טויזינד זענין פון שווערד גיהרגת גיווארין. 100 טויזינד זענין גיפאלין בייא דיא רוסין צום שביה 300 טויזינד זענין גישטארבין פון פראסט אונ פון עניא אונ כון שלעכטע שפייז אונ ווייל עס איז קיין צייט גיוועזין צוא באגראבין אזויא פיל מענשין האט מען דאס מערסטע טויטע קערפערס פערברענט .

אונ מוראט מלך נעאפאל וואס נאפאלעאן האט איבער גילאזט פאר אמושל איבער דיא איבריגע זעלנער איז אויך גיביטען גיווארין אין נאטור אונ וויא ער האט גיזעהן אז זיין קייזער האט אין דיא מלחמה אן גיווארין אלזויא האט ער איין גיזאמילט אלע שרי החיל אונ ער האט זייא אן גירעט אז זייא זאלין אפשטיין פאן נאפאלעאן .

אבער קוים וויא ער האט זיינע רייד גיענדיגט אזויא האט זיך דער גרויסער יענעראל דאוואוסט אבגירופין מיט כעס אונ שפראך דורך קייזער נאפאלעאנס כח ביסטו מלך אין נעאפאל פאן דיינט וועגין זענין כמה טויזינד פראנצויזין אין מלחמת נעאפאל גיהרגת גיווארין פאן דעם בעפעל וואס נאפאלעאן האט גיזאגט דוא

זָאלְכְט זַיין מֶלֶךְ נעאפאל נון ווילסְטוּ אים אַזויא בֶּעצָאהְלִין איז דָאס גוּט אַזויא . טוּכְטוּ קְליג דֶערְמִיט איך שְׁרַייבּ דָאס בַּאלְד צוּם קֵייזֶער אוּנ וויא דֶער גֶענֶעראַל דאוואוסט הָאט גֶיעֶנְדִיגְט זַיינֶע רֵייד אַלְזויא הָאבִּין אַלֶע שְׂרָרִים אֵיין שְׁטִימִיג גֶישְׁרִיעֶן אויף אִים אונ אויף זַיין הוּצְפָּה קֶענִין זַיין הֶערְרִין נאפאלעאן אַזויא אִיז עֶר זֶעלְבְּסְט פַּאַ שֶׁעמְט גֶיוָארִין פוּן אלע שְׂרָרִים אונ זַיין פָּנִים איז גֶיוָארִין טוּיט בְּלַאס וויא קאלֶעךְ אונ הָאט גֶיעֶנְטְפֶערְט יוא אִיךְ הָאבּ פַארְבְּרָאכֶען מִיט מַיין יֶעצְמִיגִין גֶידַאנֶקֶען אונ נַאכְהֶער הָאט עֶר דִיא גֶיוֶועלְטִיגְקֵייט אִיבֶּער גֶיגֶעבִּין צוּא איישׁען קֶענִיג פוּן איטאליא דֶער איישׁען ווָאר דֶער זָאהְן פָאן נאפאלעאנס עֶרְשְׁטֶע פְּרוֹיא יאזעפידהנא נאפאלעאנס שְׁטוּפְזוּהְן אוּנ עֶר הָאט אָבְּגֶערֵייזְט נָאךְ נעאפאל .

אונ וויא יֶענֶעראַל פרייכין ווָאס אִיז גֶיוֶועזִין צוּא הִילְף נאפאלעאָ׳ אונ דֶעם בֶּעפֶעל מלךְ פרייכין . אונ שווארצענבערג שׂר צבא עסטרייךְ ווָאס עֶר אִיז אויךְ גֶיוֶועזִין נאפאלעאן צוּא הִילְף וויא זַייא הָאבִּין צוּא לֶעצְט גֶיזֶעהְן אַז נאפאלען אִיז צוּא רִיק קֵיין פאריז זֶענִין זַייא אויךְ צוּא זֵייעֶרֶע מְדִינוֹת צוּא רִיק גֶיגַאנְגֶען .

אונ דַאמִיט אִיז גֶיעֶנְדִיגְט גֶיוָוארִין דִיא מלחמה פָאן יָאהְר 1812 אֵיין יָאהְר פָאן גְרוֹיסֶע צָרוֹת אוּנ טְרוֹיעֶרְקֵייט פִיר צרפת אונ פִיר זֵייעֶר קֵייזֶער .

---

## מִלְחָמוֹת הקייזער בצרפת יאהר 1813

לִיבֶּע לֶעזֶערִס אִיהְר הָאט דָא גֶעלֶעזְט אוּנ זִיךְ עֶרְקִינְדִיגְט דִיא מַפָּלָה פָאן צרפת אונ פוּן זֵייעֶר קֵייזֶער ווֶעלְכֶעס עֶס אִיז אוּנְבֶּעשְׁרֵייבְּלִיךְ אויךְ קֵיין מויל קֶען עֶס וַואהְר נִיט אוּיס דֶערְצֵיילִין ווָארוּם מֶען הָאט גֶיזֶעהְן וַואהְרְשֵׁינְלִיךְ אַז פוּן הִימֶעל הָאט מֶען מִיט אִים מלחמה גֶיהַאלְטִין . נוּן ווֶעט אִיהְר זִיךְ ווֵייטֶערְהִין נָאךְ מֶעהר וואוּנְדֶערִין צוּא לֶעזֶען אַז זַיין שְׁוֶוערְד הָאט נִיט גֶירוּט בִּיז וַואנֶען עֶר אִיז גֶענְצְלִיךְ פַארְוָואגִילְט גֶיוָוארִין אוּנ עֶר הָאט נִימַאלְס גֶיוָואלְט אוּנְטֶער גֶעבִּין צוּא פָאלְגִין דֶעם שָׁלוֹם וָואס זֵיינֶע שׂוֹנְאִים הָאבִּין פַארְלַאנְגְט פָאן אִים אונ עֶר הָאט אִימֶער גֶיזָאגְט דֶער טוּיט אונ מלחמה אִיז בֶּעסֶער פַאר אִים אִידֶער אַזויא אֵיין שָׁלוֹם אונ זַיין הַארְץ וַואר אִין אִים אִימֶער שְׁטַארְק וויא בַּייא אַלֵייבּ אַז עֶר הָאט זִיךְ נִיט גִילָאסְט אִיבֶּער רַיידִין

ביידין פון זיין ווייב אונ פון זיינע שׂרים .
נון קייזער עסטרייך וואס ער איז צוא פאר גיוועזין זיין געגענר אין מלחמה אויך זיין פאריגער קריגסמאן מלך פרייסין האבין זיך איצינד ערוועקט אפס צוא נעהמען זייערע מדינות וואס נאפאלעאן האט פון זייא צוא פאר אוועק גינומען אונ צוא צוא רייסען דעם גיוואלטיגען שלום וואס זייא האבין מיט אים לאנג גימאכט אונ איידער זייערע מחשבות איז נאך שריפטליך צוא נאפאלעאן ענטדעקט גיווארין האט ער איין גיזאמילט איין גרויס חיל פון פראנצויזין אונ פון זיינע מלכי הבריות דעם צאהל 530 טויזינד וועלכער כולם גבורים ומלומדי מלחמה מיט כל צרכי המלחמה אונ מלך שווייץ האט אן גיגרייט 3 טויזינד צוא הילף אונ איטאליא האט אנגיגרייט 16 טויזינד צוא הילפע .
געגען זייא זענין אנטקעגין גיקאמען איין מחנה רוסין אונ פרייסין אונ בערנאדאטע מלך שוועדין מיט זיין חיל במחנה נוראה איין פירכטערליכע מחנה (עוד מעט) אונ נאך עטוואס קורצע צייט וועלין אונטערקאמען נאך 200 טויזינד עסטרייכער דער חיל פון נאפאלעאנס שוועער באם אז נאפאלעאן וועט מיט אים ניט שלום שליסען וויא זיין וואונש איז .
אונ עס גישאה וויא דיא מלכי הבריות זענין גיגאנגען צום שטרייט אויף צרפת האבין זייא אלם אבגינומען צוא זיך אונ דיא שרי חיל צרפת זענין זייער צוא שראקען גיווארין .
עס גישאה דען 27 טען מערץ זענין דיא מחנה רוסין גיקומען קיין דרעזדען אונ בקיצור זייא האבין אין אלע ערטער מצליח גיוועזין הרבה נאפאלעאן לעשות גבורות נאפאלעאן האט גרויסע חכמות אן גיווענדעט אבער זיין הצלחה האט אים אוועק גילאסט אונ פון קיין מלחמה וואס ער האט גיפירט האטצי זיין חיל האבין גרויסע גבורות באוויזין דאך אבער זענין זייא אלם גינעטהיגט גיוועזין צוא לויפין ווארום דער שונא האט גיהאט חיל וויא דיא זאמד אויף דער ערד אונ דיא גבורי חיל שׂרי צרפת זענין גיהרגט גיווארין דאס האט פיל גיערגערט צוא נאפאלעאן . אונ נאפאלעאן האט שוין גיבעטין אויף שלום . עטוואס זיך אונטער גיגעבין אבער ווייל דיא מלכי הבריות האבין גיזעהן אז ער פירט ניט אויס אין מלחמה אלזויא האבין זייא ניט גיוואלט מסכים זיין אויף שלום .
צוא דיזע צייט האט זיין שוועער קייזער עסטרייך אים אפענטליך ענטדעקט האטצי דיא ביכט מיין איידים אונ מיר טוט וויא דיא הארץ אויף דעם צער פון מיין טאכטער איך זאל זיא ערגערין דאך
אבער

אָבֶּער קֶען איך נִיט מְשַׁנֶּה זַיין מַיין שְׁבוּעָה וָואס אִיךְ הָאבּ צוּא דִיא קְרוין גִישְׁוואוֹרִין אונ בְּאָם אַז דוא וֶועסְט מִיר נִיט אַוֶועק גֶעבִּין צוּא ר״ק מַיינֶע לֶענְדֶער וֶועל אִיךְ שָׁלוֹם מַאכִין מִיט קֵייזֶער רוּסִיא אונ גֵייא אוֹיף דִיר צוּם שְׁטְרֵייט . נון דָאס הָאט אִים זֶעהְר לֵיידֶע גִיטָאהְן .

דֶען 21 אונ 22 מַאיי אִיז גִיוֶועזִין פִירְכְטֶערְלִיכֶע מלחמות בַּייא באצטין נאפאלעאן זֶעלְבְּסְט הָאט דִיא מלחמות גִיפִירְט מֵייכִין בְּלוּט אִיז גִיגַאנְגֶען אונ דִיא צרפתים הָאבִּין גוֹבֵר גִיוֶועזִין .

דָאס דַארְפְט אִיהְר וִויסִין לִיבֶּע קֶעזֶערְס אַז דֶער בַּאפֶעל ... גִיוֶועזִין אִיךְ דִיא שָׂרֵי הַחַיִל פון דִיא מלכי הברית אַז מִיט נאפאלעאן זֶעלְבְּסְט זָאלִין זֵייא קֵיין מלחמה פִיהְרֶען אונ אִין דִיא מַחֲנֶה וָואס נאפאלעאן אִיז דָא זָאלִין זֵייא וֶוייכֶען אונ אַנְטְלוֹיפִין .

צוּא דִיא מלחמה דֶען 22 טֶען מַאיי אִיז דֶער קֵייזֶער נאפאלעאן מִיט זַיין גְרוֹיסִין (שַׂר צבא דיראק) גִישְׁטַאנֶען הַאנְד בַּייא הַאנְד אונ גִישְׁמוּעֶסְט אִין דֶעם עִנְיָן מלחמה אַזוֹיא אִיז גִיקוּמֶען צוּ פְלִיהֶען אַיין קַאנָאן קויל אונ הָאט אָבְּגִיהַאקְט דֶעם קָאפּ פון דיראקין נון אִיז דֶער קֵייזֶער אוֹיף אִים גִיפַאלִין אִין הָאט אִים בַּאוויינְט חוי אחי הוי ריעי יקירי .

וְוִיא דִיא מלכי הברית הָאבִּין גִיהֶערְט אַז קֵייזֶער נאפאלעאן שְׁפַּאנְט זֶעלְבְּסְט דִיא מלחמות אונ עֶר אִיז וִוידֶער מצליה הָאבִּין זֵייא בַּייא אִים גִיבֶּעטִין ברית מנוחה וַואפֶענְשְׁטִילְשְׁטַאנְד אונ אִין פְּרָאג זָאלִין דִיא שָׂרֵי מלכים צוּא זַאמֶען קָאמֶען מִיט אִים שָׁלוֹם צוּא מַאכִין .

נאפאלעאן הָאט בַּייא דִיא צֵייט גִיהַאט גְנִיג קְרַאפְט מִיט גבורה אונ מִיט זַיין חכמה נָאר וַוייל עֶר הָאט גִימֵיינְט אַז דִיא מלכי הברית מֵיינֶען בֶּאֱמֶת דְרוּם הָאט עֶר מַסְכִּים גִיוֶועזִין אָפּ צוּא שְׁלִיסֶען פון מלחמה. אָבֶּער דִיא מלכי הברית הָאבִּין גָאר אַיין אַנְדֶערֶע גִידַאנְקֶען גִיהַאט כְּדֵי אונְטֶער דִיא צֵייט פון שָׁלוֹם וֶועלִין זֵייא אַיין זַאמֶלֶען נָאךְ פִיל חַיִל אִים דִיא מלחמות צוּא שְׁטַארְקֶען אונ אִים שְׁטִילִין הָאבִּין דִיא מלכי הברית גִישִׁיקְט מְשׁוּלָחִים אִין צרפת אונ אִין דִיא אַרוּמִיקֶע מְדִינוֹת זֵייא זָאלִין מוֹרֵד זַיין אָן נאפאלעאן .

אִין וְוִיא דִיא מלכי הברית הָאבִּין גִיזֶעהְן דָאס זֵייעֶר גִידַאנְק אִיז שָׁאן גֶענְצְלִיךְ עֶרְפִילְט גִיוָואוֹרִין אַזוֹיא הָאבִּין זֵייא אוֹים גִירוּפִין קֵיין שָׁלוֹם. צוּם שְׁוֶוערְד . צוּם שְׁוֶוערְד. אָבֶּער קֶענִין שְׁוֶוערְד פָּאן נאפאלעאן זֶעלְבְּסְט דָאס הֵייסְט צוּא דִיא מַחֲנֶה וְוִיא עֶר זֶעלְבְּסְט אִיז נִיט נִיט . נוּר צוּא וֶוייכֶען אִין צוּא לוֹיפִין אִין נָאר דַאפָאן וֶועט דִיא הִילְפֶע קָאמֶען .

דען 26 טען אויגוסט איז דיא מלחמה אן גיהויבען גיוואָרין אין דיא צרפתים האבין עטוואס גובר גיוועזין אָבער קיין ישועה איז דאך ניט ארויס גיקאָמען פון דיא בלוט אין דעם 27 טען אויגוסט איז גיוואָרין איין מלחמה. פורכטזאם אין שרעקליך די הימעל אין ערד האָבין וואר גיציטערט פאן דעם גרויסען שטים וואס דיא ביידע זייטיגע קאנאָנען האָבין פון זיך גיגעבין.

דיא בלוט האָט גיקאָכט אויף דיא ערד וויא איין קעסיל וואסער קאָכט פון פייער אין יעדער האָט נאָר איין גישריען אַלימעכטיגער גאָט אַלימעכטיגער.

פון מלכי חברית איז גיפאַלין 8 טויזינד טויטע אין מער וויא 8 טויזינד זענין גיקומען בשביה אין כמה טויזינד האלב טויטע דאס הייסט גישטאכענע וואס זייא האָבין נאך גילעבט אין 26 קאנאָנען האָבין דיא פראנצויזין צוא גינומען אויך 130 וועגין מיט צרכי מלחמה איז גיקומען בשביה אין פאן דיא פראנצויזין איז בסך הכל כלה גיוואָרין 4 טויזינד.

שר צבא צרפת זיין נאָמען וואנדאמע האָט גימאַכט אמלחמה מיט רוסין איז פון זיין מחנה גיפאלין 15000 טויטע 10 טויזינד מאן מיט 80 קאנאָנען זענין גיפאַלין בשביה בייא דיא רוסין אין פאן דיא רוסין זענין כלה גיוואָרין 10 טויזינד.

פיל פון שרי צרפת האָבין דעם שר צבא וואנדאמע שולדיג גימאַכט דאס ער וואר ניט גיטרייא אין מלחמה אָבער באמת איז ער גאר ניט שולדיג גיוועזין דיא אורזאכע איז וויא איהר וועט דא באלד ערקלערט ווערין דיא סיבה.

דען דעם 27 טען אויגוסט האָט דער גאנצער כעת לעת שטארק גירעגינט אין דער קייזער נאפאלעאן איז 15 שעה נאך אייננאנדער אויפין פערד גיזעסין בייא מלחמות דרעזין אין וויא צוא מארגין דען 28 האָט ער זעלבסט גיאיילט צוא גיין מיט זיין היל צוא היקף דעם שר צבא וואנדאמע איז דער קייזער אפין וועג קראנק גיוואָרין אין אברענענדיקע קדחת האָבין אַלע גימיינט אז דער קייזער איז פארסאמט גיוואָרין אין וויא דיא שמועה איז גיהערט גיוואָרין צווישען דיא מחנה וואנדאמע האָבין זייא וואהר האנד אונ פיס אָבגעלאָסט נון דאס איז גיוועזין דיא סיבה צוא דיא מפלה דיא מפלה האָט ניט גוט גישמעקט צום קייזער נאפאלעאן אָבער נאך ערגער איז אים גיוועזין צוא הערין אז בייא אַלע מלחמות האָבין דיא צרפתים אָן גיוואָרין אין דיא ערד ווערט פעט פון פראנצעזישע בליט גאר אן היל. אך וויא גיקרענקט האָט אים זיין היל פאַלין בייא בערנאדאטען אין האנד

וואס ער האט אים צום גבור חיל אונ פאר אמלך גימאכט אבער
ער האט דאך דורך זיין שטארקע הערץ אלעס מיט גירולט ערטראגין.
ווירדעט איהר לעזערס פרעגין ווארום ביזהער האט ער אלע
מלחמות גובר גיוועזין אונ יעצט ניט דרום וועל איך אייך ערקלעהרין
גיט אכטונג איין האר איז ניט שטארק נעמט אבער טויזנדע האר
אונ פלעכט עס צוא זאמען איז גינוג שטארק. דערזעלבער משל איז
קעגין נאפאלעאן אז קעגין איין פראנצויז זענין גיוועזין פיל שונאים
אין ווידער וויא דער אמת איז זיין הצלחה איז גיענדיגט גיווארין
בארום האט ער אן גיווארין דיא מלחמות.

דען 14 אקטאבער איז שר צבא צרפת מוראט מלך נעאפאל
גיקאמען אין אצרה דען אפריישיסער ריטמייסטער האט מיט אים
גישטריטין מאן אויף מאן אונ דער ריטמאן שרייט שטייא קיניג איך
שטעך דיך ווען דוא וועסט דיך ניט אונטערגעבין אין דעם איז צוא
גילאפין זיין קנעכט אונ האט גישטאכין דעם ריטמייסטער אונ דאמיט
איז ער ניצול גיווארין.

דען 15 טען אקטאבער איז נאפאלעאן גיקומען קיין לייפציג אונ
זיין מחנה האבין זיך מיין גיוועזין צוא איין מלחמה נוראה אזויא
אמלחמה איז ניט גיהערט גיווארין פון כמה הונדערט יאהר ווארום
דיא פראנצויזין זענין גיוועזין בייז וויא דיא פארבייזטע בערין אונ דיא
מלכי הברית האבין אויך מיט גבורה גישטריטין אקיצור דיא ערד
האט ווארהאליך גיברענט פאן היסע אין פייערדיגע קוילין וואס
זענין גיפאלין עס האט וואהר וויא גירעגינט מיט פודיקע קוילין צעהן
טויזנד מענשין האבין גיוועלגערט אויפין פעלד אין זייער בלוט צוא
דיזע צייט האבין חיל צרפת גיוויזין וואס זייא זענין חאטשי זייא האבין
דאך ניט אויסגיפירט אבער זייא האבין גימאכט מכת חרב והרג
ואבדן בייא זייערע שונאים אויף דיא מלחמה האבין דיא וועלט
גיקלאגט 3 יאהר נאך דיא מלחמה זענין לייפציגער פעלדער גיוועזין
פעט פון בלוט העט נאפאלעאן גיקריגען עטוואס הילפע דען וואלט
ער גיווים גובר גיוועזין אבער שטאט וואס ער האט קיין הילפע
גיקריגען זענין נאך אפ גישטאנגען פון איהם מענכע זעלנער און זענין
צוא גישטאנגען צוא זיינע שונאים.

נון ווייל ער האט גיזעהן ער וועט בייא לייפציג ניט אויס-
פיהרען האט ער אבגיצויגין פון לייפציג און האט בעפוילין אויף גישווינט
זאל בריקין גישטעלט ווערין אויף דעם טייך וויא מאן דארף אריבער
גיין אבער אז עס איז איין מאהל נגזר גיווארין זיין מפלה האט קיין
תחבולה אים ניט גידינט אין נאר איין בריק איז גימאכט גיווארין

איין גאנצין מעת לעת האט גידויערט דער גיין פון דיא פראנצויזין איבער דען בריק׳ אונ וויא זענין נאך אין גאנצין ניט אריבער אונ וויא נאפאלעאן האט גיזעהן אז שוין ניטא קיין כאך זענין הינטין האט ער גישטעלט איין שר בייס בריק אין האט אים באפעלט אז וויא דער חיל פראנצויזין זעט אין גאנצין אריבער גיין זאל ער דעם בריק אונטער צינדען אין דאס וואלט גיוועזין פאר אים צוא איין היזק אבער פאלשע אין אנגיטריבענע מענשען האבין דעם שר החיל גיזאגט מיט נארהייט דער קייזער רופט דיך אלזויא האט ער זיין שלוזבע אב גיגעבין צוא איין אנדערין אונ ווייל ער איז ניט קלוג גיוועזן אזויא וויא ער האט גיהערט קאנאנען שאס וואס דיא פראנצויזין שיסען הינטין אפען שונא האט ער זיך ניט פארגעשטעלט אז דאס איז פון דיא פראנצויזין נאר ער האט גיטראכט אז דאס איז פאן דיא רוסין אלזויא האט ער אונטער גיצונדען דעם בריק אבער אך לעזער דיא פראנצויזין זענין אן גיקאמען קיין בריק איז דא יוא זייא האבין אויף דעם געשווינדעסטען איין בריק גימאכט אבער ווייל ער וואר ניט גיניג שטארק אזויא איז דער בריק מיט דאס גרויס פארזאמלונג מענשין אין וואסער גיפאלין אונ מארשאלשטאב פאניטאווסקי איז דערטרונקען גיווארין אונ דער גרויסער שר מאקדינאל איז אריבער גישוואומען 15 טויזינד מאן אונ 200 קאנאנען אין פיל הונדערטער וועגין מיט צרכי מלחמה איז גיפאלין בייא דיא מלכי הברית.

נאך לייפציגער פירכטערליכע מלחמה איז גיפעלט גיווארין פון חיל צרפת דער קאלגענ ער צאהל 30 טויזנד זענין גיטייט גיווארין 30 טויזינד זענין צוא קאליצעט גיווארין 15 טויזינד איז גיפאלין בשביה אונ 300 קאנאנען אונ 900 וועגין איז גיפאלין צוא שביה בייא דיא מלכי הברית.

נאך ניט גינוג צרות וויא ער גייט מיט זיין חיל 100 טויזינד מאן אזויא האט ער גיהערט אז גענעראל ווערעדע מיט זיין חיל 35 טויזנד זעלנער זענין צוא גישטאנין צוא זיין שונא דאן וואהר נאפאלעאן מיט זיין חיל צו היצט פון צרות אונ זיין חיל זענין באפאלין וויא דיא לעמפערטין אויף דעם ווערדען מיט זיין חיל אונ אויף דעם חיל המלכים וואס זענין גיוועזין אים צוא הילף פון ביידע זייטין זענין גיהרגת גיווארין צוא 10 טויזינד מאן אבער קיין ישועה איז ניט גיקומען אונ נאכהער האבין דיא חיל מלכי הברית אים געיאגט אונ גיהיט זיינע טריט אונ אין אלע ערטער האט ער אלם פארשפילט.

איהר ליבע לעזערס איהר ווירדעט גיוויס פרעגין דאס איז דאך אגרויס וואונדער אז דיא מלכי הברית האבין גובר גיוועזין דעם

גרוסען

גרויסען אונ גרויזאמען גבור. וועל איך אייך אויך גריגטליך ערקלערין דיא סבות וואס השי״ת האט אויף אים גישיקט אונ פון השי״ת איז זיך ניט צוא באהאלטען.

1 טענה וואס נאך דיא מלחמות דרעזזין איז ער קראנק גיווארין 2 טענה וואס דער שר מאקדינאל האט ניט גיקענט אריבער מיט זיין חיל איבער דעם גרויסען טייך. 3 טענה וואס מלך בייערין איז צוא גישטאנען צוא דיא מלכי הברית. 4 טענה דעם שליח וואס נאפאלעאן האט גישיקט דורך אים איין בריף מיט זיינע התחבולות אונ חכמות צוא זיינע שרי החיל איז גיפאנגען גיווארין ביא דיא שונאים דען האבין זייא דאדורך צוא שלאגין זיינע תחבולות. 5 טענה וואס דער קייזער צרפת האט גיווארט עס זאל קומען בריף פון שלום צוא אים. 6 טענה וואס דער בריק איז אבגעבערענט גיווארין פאר דער צייט. 7 טענה וואס ער האט גיהאפט אויף דיא הילף פון זיין שוועער קייזער פראנץ. 8 טענה זיינע פאריגע גוטע פריינד בייערן. זאקסין. ווירטעמבערגער. זענין אים גיווארין שונאים. 9 טענה דיא נאבריכט וואס ער האט גיהערט אז אין שפאניא זענין זייא מורד אן אים. 10 טענה צרפת האט אים ניט צוא גישיקט חיל.

דיא 10 סיבות איז אויף איין מאל גיקומען. דרום איז דער גבור צוא בראכין גיווארין.

דעם 9 נאוועמבער איז נאפאלעאן גיקומען נאך פאריז אונ דיא מלכי הברית האבין צוא אים גישריבען אויב ער וועט צוא שטיין אויף זייער שלום. דען ווערט שלום גישלאסין אונ זיין ווייב האט אים פיל גירעט ביז ער האט שוין מסכים גיוועזין. אבער דען 1 טען דעצעמבער איז ארוים איין קול פון דיא פארזאמילטע שרים הויות אז צוא צרפת האבין מיר קיין מלחמה נאר אויף נאפאלעאן זעלבסט גייט דיא מלחמה ווייל ער האט אלע מלכי איירא פא אונ שרים שלעכטס גיטאן מוזין מיר אזויא ווי ט טאן ביז אים זעלבסט אונטער צו ברענגען וואָרוב דאס איז המסכם אז כל זמן נאפאלעאן וועט לעבין וועט דיא וועלט קיין שלום האבען צוא פאר האבען מיר גיבעטין שלום אונ ער האט ניט גיוואלט אונ איצט ווילין מיר ניט וויא נאפאלעאן האט דיא נאבריכט דערהערט האט ער גיזאגט איך וויל טאן אנקמה אן מיינע שונאים האטשי זעלבסט מיין לעבין צוא ענדיגען.

דאן איז דער קייזער מיט זיין ווייב דיא גבירה אריין צוא שרי סענאט אונ האט זייא גיוויזין דיא בריף וואס ער האט צוא זייא גישריבען אויף שלום אונ זייא ענטפערין ניט ע״כ מוס מען ווידער זענגער ארוים שיקען צוא מלחמה.

דיא

דיא סענאט האבין גיט מסכים גיוועזין צוא זיין בעפעל אזויא האט ער אויף זייא אן גישריען אונ האט זייא אין איין קורצע צייט אבגישאפט אונ 180 טויזינד נאציאנאל גארדע זענין גרייט גיווארין צוא גיין וויא דער קייזער וועט הייסין ·

אבער היל צרפת האט אבער וואהר ניט גיאכטעט געגען דיא גרויסער פארזאמלונג פאן דיא מלכי הברית דען זייא האבין גיהאלטין מעהר וויא איין מיליאן מענשין ·

דען 23 טען יאנואר האט דער קייזער זיך גיזעגינד מיט זיין שיינע פרויא אונ מיט זיין קליינעם זעהנבען מיט קושען אונ מיט גרוים גיוויין אויך דיא קייזערין מיט איהר קינד האבין פיל גיוויינט גלייך וויא זייא וואלטין גיוואוסט אז אבער זייער מזל האט שוין גיוואוסט ·

אונ דען 25 טען האט ער זיך גישטעלט אויף דעם פעלד פאן מלחמה אין דעם שלאק האט זיך גיוואגעט איין קאזאק אונ איז ארוים גילאפין פון זיין פולק וויא אפייל פון בויגין קעגין קייזער נאפאלעאן צוא שטעכין אים מיט זיין פיקע אבער אויגענבליק האט אים גיטראפין איין קויל אונ האט זיין קאפ אראפ גיהאקט אזעלכע גבורות וואס קיין מענש קען עם זיך ניט פארשטעלין האט נאפאלעאן גימאכט אין זיינע איצטיגע מלחמות דיא חכמות אונ גבורות וואס ער האט באוויזין צייט זיין לעבין איז גאר ניט גיאכטעט גיוועזין קעגען א צטיגע גבורות נאפאלעאן אליין איז גישטאנען צווישען דיא ברענעדיקע קוילין אונ דיא קוילין האבין אים ניט גירירט גלייך וויא ער וואלט גיוועזן בעשווארין דיא קוילין אז זייא זאלין אים ניט טייטין ·

בייא זיין רעכטע אונ לינקע האנד זענין גיפאלין זיינע שרים אונ אלע האבין אים גיבעטען אז ער זאל אוועק גיין פאן דעם ארט האט ער גיענטפערט. בני. מיינע קינדער דיא קויל וואס זאל מיך טייטין איז נאך ניט גיגאסין גיווארין אונ בייא דיא מלחמה האטצי זיינע שונאים זענין פיהל מאהל גיוועזין מעהר וויא צרפתים דעכט וועגין האט ער מיט זיין חכמה דיא מלכי הברית ארום גירינגילט אבער זיין אומגליק וואר וואס זיין שליח איז גיכאפט גיווארין פון גרוים שמחה וואס ער האט גיהאט אז ער וועט דעם שונא גובר זיין האט ער גישיקט דעם פלאן צוא זאגין קיין פאריז אונ דעם שליח האט מען גיכאפט אונ דערפין איז בטל גיווארין זיין גוטער פלאן נאך דיא מלחמה האט מוראט מלך נעאפאל אן אים גיפעלשט אונ האט כורת ברית גיוועזין מיט קייזער עסטרייך אונ טאלעראנד דער

משנה

כּמִשְׁנֶה פָאן קֵיזֶער נאפאלעאן מִיט נָאךְ גְרויסֶע שָׂרֵי סֶענַאט הָאבִּין שוין גִיהַאכְט צוּא זֵייעֶר הַארִין קייזער נאפאלעאן .

אִין וִויא דִיא מלכי הברית זֶענִין אַרַיין אִין פַּארִיז אַזויא אִיז גִיוָוארִין אֵיין גִישְׁרֵייא יחי המלך לודוויג . דער 17 טֶער זָאל לֶעבִּין אונ פִיל שׂרי החיל מִיט 70 טויזִינד מַאן דִיא פָארִיגֶע לִיבְּהָאבֶּער פָאן נאפאלעאן זֶענִין גִיוֶועקְסֶעלְט גִיוָוארֶען צוּא זַיינֶע שׂוֹנְאִים אִין הָאבֶּען שָׁלוֹם גִימַאכְט מִיט דִיא שׂרי הברית .

וְויא דִיא שְׁמוּעָה אִיז גִיקָאמֶען צוּא נאפאלעאן אַלְזויא הָאט עֶר בַּאלְד גִיפְרֶעגְט אויף זַיין וַוייבּ מִיט דֶעם קִינְד . הָאבִּין זֵייא אִים בֶּענַאכְרִיכְטֶעט אַז זִיא מִיט אִיהְרֶע שָׂרִים זֶענִין גִיקָאפֶען קֵיין ווין אונ זֵייא הָאבִּין אִים עֶרְקִינְדִיגְט אַז אַלֶע מֶעגְלִיכְקֵייט וָואס זִיא הָאט אָן גִיוֶוענְדֶעט צוּא פָארִין אִים זִיךְ צוּא גִיזֶעגֶענִין הָאט אִיהְר נִיט גִיגְלִיקְט וַוייל דֶער הַיל פוּן שׂוֹנְא הָאבִּין נִיט דוּרְךְ גֶעלָאסְט .

וַואהְרְלִיךְ דֶער קֵייזֶער נאפאלעאן הָאט גִיהַאט אַרוּם זִיךְ 50 טויזִינְד גִבּוֹרִים צוּא שַׁארִין מִיט זֵייא פַייעֶר אויף זַיינֶע שׂוֹנְאִים נָאר עֶר הָאט גִיזָאגְט אַז קֵיין טוֹבָה וֶועט מִיר דֶערְפִין נִיט אַרוּים קָאמֶען אִין רָעוֹת וֶועט יוא אַרוּים קוּמֶען וָוארוּם דִיא שׂוֹנְאִים וֶועלִין פאריז חָרוּב מַאכִין וְויא אִיךְ הָאבּ מָאסְקְעווֶע הָרוּב גִימַאכְט דֶען בִּין אִיךְ מֶער מְרוּצֶה מַיין כָּבוֹד אַוֶועק גֶעבֶּען אֵיידֶער אֲפִילוּ אֵיין מוּיֶער פָאן גַאנְץ צרפת אִין אַלְזויא הָאט עֶר אַרַיין גִישְׁרִיבֶּען צוּא דִיא מלכי הברית אַז עֶר גִיט אַוֶועק דִיא מְלוּכָה אִין זַיין זָאהְן זָאל גִירוּפִין וֶוערִין קֵייזֶער צרפת אונ אַלֶע שׂרי צרפת הָאבִּין אויךְ אַזויא מַסְכִּים גִיוֶועזִין וַוייל זֵייא הָאבֶּען נִיט גִיוָואלְט בְּרֶעכֶען זֵייעֶר שְׁבוּעָה אָבֶּער קֵייזֶער אלכסנדר אִיז נִיט צוּא גִישְׁטַאנֶען דֶער צוּא אִין עֶר הָאט גִיזָאגְט וָואס מִיר וֶועלִין טָאן וֶועט זַיין גִיטָאן אונ וֶוען אִיהְר ווילְט נִיט מַסְכִּים זַיין צוּא אוּנְזֶער בֶּעפֶעל דַאן וֶועט פאריז אוּמְגֶעקֶערְט וֶוערֶען וְויא סְדוֹם אוּנ עֲמוֹרָה .

דֶען 11 טֶען אַפְּרִיל הָאט נאפאלעאן אַרַיין גִישְׁרִיבֶּען צוּא דִיא מלכי הברית וַוייל אִיהְר ווילְט שְׁלֶעכְטֶעס טָאן צוּא צרפת וֶועגֶען מַיין קֶערְפֶּער דֶערוּם גִיבּ אִיךְ אַייךְ צוּא רִיק מַיין קְרוֹין אונ. אִיהְר טוּט וָואס אִיהְר ווילְט אויךְ מַיין לֶעבֶּען וֶועל אִיךְ אַוֶועק גֶעבֶּען פַאר פראנקרייךְ .

וְויא דִיא שׂרי הברית הָאבֶּען גִיקְרִיגֶען דֶעם בְּרִיף אַז עֶר גִיט אַוֶועק דִיא מְלוּכָה בִּרְצוֹנוֹ הַטוֹב אַלְזויא אִיז פוּן זֵייא אַרוּים אַבַּאפֶעל אַז דֶער נָאמֶען קֵייזֶער פוּן נאפאלעאן אִין דֶער נָאמֶען קֵייזֶערִין פוּן זַיין פְרוֹיא אוּנ דֶער נָאמֶען פְרִינְצִין פוּן זַיין פַאמִילְיֶע אונ דֶער טִיטֶעל בֶּן

מלך פון זיין זאהן זאל גימאלס פון זיי אוועק גינומען ווערען אונ
דער אינזיל עלבא זאל אים גיגעבען ווערען דארטין צו זיין איין
מושל אויף 400 צרפתים וועלכע מען וועט מיט אים הין שיקען אונ
אים זאל צרפת צאלין 2 מיליאן פראנקען איאהר אונ יעדערין פון זיין
פאמיליע זאל מען פענסיע צאלין.

דאס טוס איך אייך לעזערס ערקלערין אז דם פרשפרעכין
איז ניט אויס גיפירט גיווארין.

עס גישיכט דיא מלכי הברית האבען גינומען פרינץ לודוויג
פון דיא משפחה בארבאן פאן זייער פאריגען גיהרגעטן מלך ז"ג
זייא האבין אים גיקריינט פיר מלך אויף צרפת.

איין פירכטערליכע ערציילונג.

ווי נאפאלעאן הט גיזעהן זיין שלעכטען סוף אזוי הט ער
גיגלויבט צוא איין גישווינדען טויט פיל מעהר ווי צו איין שלעכטער
לעבען אין ווייל ער הט שטענדיג מורא גיהאט טאמער וועט ער
פאלין אין גיפענגקעניס דרום הט ער גינומען פון זיין דאקטער איפן
סם אונ דער דאקטער האט אים פרזיכערט אז פון דיא סם וועט ער
קיין ווייטיג פילין אין אגעשווינדען טויט האבען אלזוי הט ער צו
דיא צייט דיא סם גינומען אין האט עס מיט וואסער אויסגיטרונקען
ניכאנד הט דאפין גיוואוכט נאר זיין קאמערדינער האט גישלאפין לעבין
זיין פאקאיי האט ער גיזעהן וויא ער איז בייא נאכט אויף גישטאנין
אונ האט דאס גיטרונקען פלוצלונג איז אין אים ערוועקט גיווארין
גרויסע ווייטיגען אין ער האט אנגיפאנגען צו שרייען ווי אלייב פון
גרויסע שמערצין אלזא זענין באלד שרים צוא זאמען גיקומען אין
זייא האבין אלע גיזעהן אויף זיין ווייטאג אין אויף זיין צער שמיקערהייט
האט ער גיזאגט צום דאקטער דו האסט מיר פרזיכערט אז אן ווייטאג
וועל איך שטארבען אין לסוף האב איך אזעלכי שמערצין אבער אויך
דער סם הט אים ניט גיטייט ווייל זיין נאטור איז גיוועזין פיל
שטארקער אלס דיא שטארקייט פון די סם.

ליבע לעזערס איהר דארפט אייך ניט וואונדערין וויא אזויא ער
הט זיך זעלבסט שלעכטס גיוואלט טאן הען איהר ווייסט שוין עטוואס
דאס זיינע שונאים האבין אים פיל בעליידיגט וועלכעס עס איז גיוועזין
אונערטרעגליך.

אונ אין דיא גרויסע שמערצין איז ער איין גישלאפין אין איין
שווייס הט זיין קערפער בעדעקט אין צו מארגענס איז ער אויף
גישטאנען גיזונד אונ פריש דאן הט ער גיזאגט ווען דער טויט אנטלויפט
פון מיר הען איז מיר איין ווארצייכען בעווייז ענטפער איך זאל נאך

ווידער גליקליך ווערין אוידער דאס ווייזט אז איך זאל נאך מעהר צרות האבין . דאס א״ז געוויס אז קיין מענש קען זיך גאר ניט פארשטעלין זיין צוא בראכענעם גימיט פון קרוין איז ער פארטריבען זיין ווייב אין זיין ליב קינד איז פון אים פארטריבען געווארין אונ מען האט אים אפילו ניט גיקאסט חאטשי זיך צו קושין מיט זיי זיינע גוטע פריינד זענין פאן אים אפ גישטאנין אין אויף וואס האפט ער אך ליידער מען זאל אים פארטרייבין .

עס גישאה דען 20 טען אפריל דען אויסגיזעצטען טאג פון דיא מלכי הברית צו פארשיקין אים אויף דיא עלבא אלזויא איז דער קייזער ארויס פארין טיר . אין האט גיזעהן אז זיינע גבורים שטייען רעבען פאלאץ . אין ווארטען נאר צו בעלייטין אים (ויתן את קולו בבכי) הט ער אן גיהויבען צו וויינען מיט איין קול פאר דאס גאנץ איינזאמלונג אונ שפראך אחי מיינע ברידער הייטע וויל איך זאגען מיין דאנק 20 יאהר האט איר מיר ערינכט גידינט מיט אייער גאנצין ווילין מיין זעלע אין לייב הב איך מקריב גיוועזין פר צרפת אין מיינע שרי מלוכה וועלכע איך האב זייא גרויס גימאכט זענין א״יף גישטאנין אויף מיר אין זייא האבין נאר גיהאלפין מיר שלעכט צוא טאן אין איצונד זענין אלע שרים פון אייראפא אויף גישטאנען מיך צוא פארטרייבין פון מלוכה באמת דארפט איהר וויסען אז איך האב נאך גינוג כח גיהאט מיט מיין ביסעלע חיל פיל מלחמות צוא טרייבען נאר איך טרעט אפ ווייל איך וויל ניט אז פאריז זאל פארלענט ווערען אין איצונד זאלט איהר אייער פרישען מלך דינען אין פאלגען אייערע שרים מיט וואהרהאפטיקייט איך וואלט גערען אייך יעדערען בעזונדער קושען אונ האלזען אבער דיא צייט איז קורץ ע״כ דער לאנגט מיר דעם דגל איך זאל אים קושען שטאט אייך מיינט וועגין זאלט איהר ניט קימערען אין ניט וויינין ווארום מיר וועט זיין גוט אז איך וועל הערען אייער שלום אונ ער האט צוא גירופין דעם גענעראל אין שפרעכט קאם העד איך וויל דיך קושען אין דוא זאלסט ערקינדיגען יעדערין זעלנער דיא ליבע וואס איך האב צוא זייא אין דעם איז דער קייזער גיפאלין אויף דער ערד פון גרויס קלעמינג אין וויינען אלזא איז צוא גילאפען יענעראל פעטיט דער שר פון דיא גארדע אין האט אים אויף גיהויבען אין זייא האבין זיך ביידע גיקושט אין גיוויינט אן אויף הערינג אין נאכהער האט ער גיקושט דעם דגל דער גיוויין פון דיא גרויסע פרזאמלונג איז וויט גיהערט גיווארין .

נאכהער האט ער זיך גיזעצט אין דיא קאריטע וואס עס איז גישיקט גיווארין פיר אים אפ צוא פאהרען קיין עלבא אין ער זאגט

לעבט

לעבּט אַלע וואָהל. אין בּייא דיא ווערטער איז ער אָפּ געפֿאָרען.

אין אַלע ערטער וויא דער קייזער איז דורך געפֿאָהרען האָט מען פֿאַר איהם כּבוד אָן געטאָן גלייך וויא צוא פֿאַר וויא ער איז געקאָממען נאָך ליאן זענין געקאָממען 2 שׂרי החיל איינער פֿון עסטרייך אונ דער צווייטער פֿון ענגלאנד זייא האָבּין געוואָלט האָבּין דעם נחת צוא העהרען דיא זלזולים וואָס נאפאלעאן וועט העהרען פֿאָן דיא גרויס פֿאַרזאַמלונג וואָס זענין אָן געקאָממען איהם צוא זעהן אָבּער וויא געקרענקט האָט זייא נאָכהער אַז זייא האָבּין געזעהן דעם גרויסען כּבוד וואָס דיא איינוואָהנער האָבּין איהם אָן געטאָן אין דיא טרעהרין וואָס זייא האָבּין געגאָסין אויף זיין צרה אין וויייל זייא האָט דאָס געערגערט דען האָבּין זייא שוין געוואָלט אַוועק גיין אין דעם האָבּין זייא ערזעהן אַז איין מאַגנאַטין איז געקאָממען קענין נאפאלעאן אין דעם קאָפּ פֿאַר בּונדען מיט איין קלאָג טוך אין האָט זיך געקניט פֿאַר זיין קאַריטע אין זיא שפּרעכט מיין העהר קייזער דער אַלמעכטיגער זאָל דיר היטען אין ער זאָל דיר ווידער בּאַגליקען וויא צוא פֿאָר וויסע אַלזויא האָטשי דוא פֿאָרסט אָפּ פֿאָן צרפֿת דעסטוועגין אונזער לייב אונ זייל האָפֿט אויף דיר צוא זעהן ווידער גליקליך.

אין עם געשׂאה דען 3 טען מאַיי 1814 איז ער געקוממען אויף דעם אינזיל עלבא אין אַקורצע צייט איז דער וויסטער אינזעל גאַנץ אַנדערש געוואָרין וואָר וויא איין גן עדן אין אַפּילו דיא בּערג וואָס האָבּין געטראָגין אויף זיך גאָלד אונ זילבּער אין אַנדערע מיטעלע האָבּין זייא אין דיא טעג זיך אַרויס געוויזין מיט זייערע אוצרות אין ער וואַר מיט 400 זעלנער אין מיט שׂרים אַלס איין קליינער קעניג.

אין דער פֿרישער קיניג לודוויג האָטשי איידער ער איז געוואָרין קיניג האָט ער צוא געזאָגט פֿיל גוטעס צוא דיא מדינה אונ צוא שיינקין דיא זינד וואָס זיין בּרודער דער קיניג איז געהרגט געוואָרין אין שלוזבּע ניט אַוועק צוא נעהמין פֿון דיא אורזענדניקעס אָבּער וויא ער איז נור געקריינט געוואָרין האָט ער זיינע רייד געבּיטען אין האָט זיינע שׂונאים דורך דעם שווערד געלאָסט געהן אין פֿיל מענשין האָט ער געטייט אין אַלע תקנות פֿון נאפאלעאן האָט ער געבּיטען אויף זיינע רעגירונג אין אויף דעם גאַנצין המון עם האָט ער זייער האַרט בּאשווערט אין אַזויא איז צרפֿת געוועזין אין גרויסער פֿערלעגענהייט אין דיא מלכי הבּרית זענין אָפּין קאָנגרעס אין קריגען זיך האַרט וויא זייא זאָלין זיך אויסטיילען מיט צרפֿת וויא מען זאָל צרפֿת צוטהיילין אויף שטיקלאַך.

ויהי היום עס איז אָן געקאָממען איין טאָג וואָס דער וויזיר־

שר פון עלבא האט אב געריזט האט נאפאלעאן געזאגט היימע איז דער טאג וואס איך קען צוריק פאהרען קיין צרפת אין געשווינד זענין זיינע זעלנער צוא זאמען גיקאמען אין ער האט זיך מיט זייא גיזעצט צום שיף אין עס געשאה דען ערשטען מארץ טויזענד אכט הונדערט פופצעהן איז ער גיקאמין צוא לאנד וואונדערבאר דיזעלביגע זעלנער וואס זייא זענין גיגאנגען צוא שטערען אים זיין וועג אין וויא זייא האבין אים נאר דער זעהן זענין זייא פאר אים גיפאלין אין זייא האבין גישריען קייזער נאפאלעאן זאל לעבין אין וויא דער קייזער מיט זיין ביסעלע חיל זענין גיקאמען בייא דעם פעסטונג גרענאבלע וואס דארטין שטייען אבאך חיל האט זיך נאפאלעאן געשטעלט געגין דעם חיל אונ האט גיזאגט אויב עס גיפינט זיך ווער אין אייער חיל וואס איז מיר אשונא אוידער אים האט ניט גיפעלט מיינע משפטים דער האט פרייא מיך צוא שיסען אין בייא דיא ווערטער האט ער אויף גישפילעט זיין וועסט אין זאגט שיסט ווען איך בין עס ווערט. שיסט. שיסט.

וויא מיינט איהר ליבע לעזערים האט ווער זיך גיוואגעט אים צוא שיסען. ניין. שיסען גיוויס ניט נור אלע זעלנער האבין זיך גיקניט קעגען אים אין האבין גישריען קייזער נאפאלעאן זאל לעבין אין מצליח זיין אין וועלכער שר איז ניט צוא גישטאנען צוא זייא האבין זייא גיוואלט באלד טייטין אלזא זענין דיא שרים אינוויליג אויך צוא גישטאנען.

וויא דיא שמועה איז גיהערט גיווארין אין פאריז אז דער לייב איז ארוים פאן זיין רוהיגג אין דאס גאנצע חיל שטייט צוא אים צוא אזויא האט קיניג לודוויג זיין בעפעל גיגעבין אז ער איז פרייא צום שיסען אין דער וואס וועט אים שיסען דער וועט בעקאמען פון קיניגליכע קאסע 2 מיליאן פראנקין אין זיין משפחה וועט אייביג פון צינזין פרייא זיין.

פאר גיוויס האט קיניג לודוויג גימיינט אז דער ערשטער דער בעסטער ווער עס וועט נור קרייגען צוא זעהן נאפאלעאן וועט אודאי אים שיסען אבער זיין גידאנק בלייב פרובמלאז נור ווער עס האט אים דער זעהן איז גיפאלין אויף אים אפחד אין אמורא נאך מעהר וויא צוא פאר אונ האט אים דוקא ליב גיקריגען אונ וויא נאפאלעאן איז גיקאמען ביים פעסטונג פאן ליאן. אונ וויא דיא זעלנער האבין אים דערזעהן אלזא האבין זייא לודוויגעס פענער אין טייך אריין גיווארפין אונ זייא זענין מיט שמחה קענין אים ארויס אונ האבין באלד גישווארין אים צוא דינען.

דער גבור החיל נייא צוא פאר איז ער געוועזין ביי נאפאלעא גרויס אונ נאכהער האט אים לודוויג גרויס געמאכט אונ ער איז געשיקט געווארין פון קיניג לודוויג מלחמה צוא האלטין מיט נאפאלעאן אונ זיין חיל האבין געוואוסט אז זייא גייען צוא מלחמה אויף זייער אלטען הער. זייא האבין זיך ניט וויכענדיג געמאכט ביז זייא זענין גיקומען צוא נאפאלעאן אונ וויא נייא זייער שר האט גיהייסין מען זאל זיך שטעלין צוא מלחמה האבין זייא אלע איין שטימינג געענטפערט חלילה מיר וועלין זינדיגען קעגען גאט אז מיר זאלין הייבין אהאנד קעגין אונזער גוטען האר נאר מיר וועלין אונזער נפש געבין שטאט זיין נפש. אונ זייא האבין נאר געווארט ווען דער גבור נייא זאל ניט מסכים זיין אזויא וואלטין זייא אים אויגענבליק צוא ריסען לעבעדיקער הייט אונ אלע האבין זיך אב גירופין דוא ווארסט צוא פאר אונזער האר אונ מיר וועלין דיך אויך יעצט האבין פאר אהאר אונ וויא באלד נייא איז צוא געשטאנען צוא אים אזויא איז דער גאנצער חיל צרפת פרייוויליג צוא געשטאנען צוא נאפאלעאן וויא צוא פאר אונ דער קיניג לודוויג איז גינעטהיגט געוועזין צוא אנטלויפין פון פאריז אונ עס גישאה צייט אכט טעג איז נאפאלעאן גיקאמין קיין פאריז אויף זיין שטול וויא צוא פאר.

נון וויא דיא מלכי הברית האבין דיא שמועה גיהערט אזויא האבען זייא גישריבען אין אלע שטעט צוא אלע שרי מלוכה אז מען זאל האפען נאפאלעאן אונ משפטן וויא אלם (מורד ופושע) אבער זייערע רייד האט ניט גיהאלפען קענען דיא ליבע וואס אלע צרפתים האבען צוא אים גיהאט ווארום וועיל זיין חכמה איז זייער גרויס געוועזין.

קיניג לודוויג זעלבסט האט גיוואלט גיין אויף שטרייט קעגען נאפאלעאן האבין אלע פאלקין איין שטימיג גיזאגט מיר וועלין ניט שטרייטין אויף אונזער קייזער מיר וועלין דאמיט זינדיגען קעגען גאט נון וויא לודוויג האט דיא ווערטער גיהערט פאן דיא צרפתים האט ער גיזאגט איך מוז פון מדינת פראנקרייך אנטלויפין אונ דיא צייט וועט ברענגען גאטס ווילין.

דיא מלחמות וואס נאפאלעאן האט גיפירט נאך הער וויא ער איז צוא ריק גיקאמען קיין פאריז פון אינזיל עלבא.

דעם 20 טען אפריל 1815 איז נאפאלעאן גיקומען קיין פאריז· דיא מויערין פון פאריז זענין וואהר געשפאלטין געווארין פון דעם רעש וואס עס איז גיהערט געווארין פון זיין קאמען וואהרליך דיא ערד האט יעבער גיקושט אין דער גישרייא איז גיצאנגען דער קייזער

נאפאלעאן זאל לעבין אונ יעדער האט פרייא וויליג גישווארין איפ צוא דינען אונ דיא גרעסטע גבירים פון שטאט האבין אים אויך זייערע אקבלין גיטראגין ביז זיין פאלאץ דאס איז אז ער האט גיהאט פיל שונאים אונ זיינע ראטהער האבין אים עצות גיגעבען צוא טייטע וויא דאך אבער האט ער גימאנדע; שלעכט גיטאן אין אדרבה זיינע שונאים האט ער נאך פיל טובות גיטאן וויא צום בעסטען.

וויא דיא מלכי הברית האבין גיהערט אז ער איז גיקומען אויף זיין שטול אן מלחמה אונ אן צרות זענין זייא דער שראקען גיווארין ווארום אזויא אגישיכטע איז גאר ניט גיהערט גיווארין צייט דיא וועלט שטייט, אונ נאפאלעאן האט זיך גישטעלט צווישען זיינע טויזענדע זעלנער אונ שפרעכט מיינע גוטע ברידער אונ מיין ליבע פאלק איהר דארפט וויסען אז פאריז איז גינומען גיווארין אבער מיין הארץ איז נאך ניט גינומען גיווארין חאטשי איך בין גיוועסין אפין אינזיל אבער מיין זעלע האט אויף אייך גיקוקט אונ וויא איך האב גיהערט אז איהר ווערט גיפייניגט פון אייער מושל אזויא האב איך מיך אין דיא גרעסטע סכנה גישטעלט אין גיקומען צוא אייך צוא העלפען.

איהר גבורי החיל אייער גבורה איז פון אייך ניט אוועק. אונ מיין שטארקע הארץ אונ מיין חכמה איז פון מיר אויך ניט אוועק שטארקט אייך מיינע ברידער כדי צוא אייער עלטער זאלט איהר האבען וואונדער צוא דערצייילין אז אייערע אויגין האבען גיזעהן וויא נאפאלעאן איז גיקומען צוא ריק אויף זיין שטול אן מלחמה אין אן שווערד.

אונ נאכהער האט ער גישריבען בריף צוא דיא מלכי הברית אז ער מיינט נאר שלום אונ נימאלס וועט ער מלחמה פיהרען אונ ער זאל רעגירען צרפת נאר אלם פירשט אונ ניט אלם קייזער אבער זייא האבען גיזאגט דער מאן וואס האט גיהאלטין דיא רוט פון קייזער פיר דעם מאן קען ניט גינוג זיין דער טיטעל פירשט אונ דאס איז אונמעגליך אז נאפאלעאן זאל בשלום זיצין. ווארום זיינע גידאנקען שטארמען אין אים שטענדיג וויא דער ים שטורמעט פון גרויסען ווינט.

נין וויא קייזער נאפאלעאן האט גיזעהן אז פון אלע פיר עקען וועלט קלויבען זיך אויף אים אזויא האט ער אם ערשטען פיל חסד באוויזין צוא דיא חוטאים אונ פושעים אפילו דיא וואס האבין פאר דינט דעם טויט האט ער אויך חסד גיטאן. אונ נאכהער איז ער ארויס צום שטרייט מיט 400 טויזנד מאן אונ מיט גינוג קאנאנען

אונ

אונ צרכי מלהמה. אונ זיינע שונאים זענין געוועזין 900 טויזינד מאן.

# מלהמת וואטערלא

אבער ווען השי"ת האט גוזר געוועזין אז ער זאל ניט מעהר מושל זיין אין צרפת אונ ער זאל זיין פארטריבין פון ווייב אונ קינדער האט קיין חכמה אונ גבורה גיהאלפען אונ אלע זיינע מחשבות איז פארשטערט גיווארין מאן האט ווירקליך גיזעהן אז פון הימעל האט מען מיט אים גישטריטען וואררום ווען ער האט זיך גירינכט אז זיין חיל דארפען אויף מארגען צו אים קאמען אזויא האט די נאכט דורך אויס גיגאסען אונ אלע וועגין איז גיווארין ליימיק אז זייא האבען ניט גיקענט ממלא זיין זיין באפעל הגם ער האט אין דיא שונאים גימאכט הרג ואבדון אונטער דיא צייט אין זייערע שרי החיל זענין צווא טויזענטער גיטייט גיווארין. אבער וויל זייער חיל איז גיוועזין 900 טויזינד האט אלעס ניט פיל אויס גימאכט אונ וואס דיא צרפתים זענין גיהרגט גיווארין האמשי זעהר ווייניג דאך אבער האט אים דאס איין גרויסע ווירקונג גימאכט וואררום ער האט ניט גיהאט צווא ערפיהלען דיא פולקין אונ וויא נאפאלעאן האט בייא דיא מלחמה אויך ניט גיווינען אזויא איז ער גיפארין קיין פאריז צוא שאפין נאך חיל צוא ער וואלט גובר גיוועזין דעם שונא צוא ניט אגרויסע נקמה וואלט ער דאך גיטאן אבער זיינע גרעסטע שרים וואס ער האט זייא גרויס גימאכט פושע אונ טאלעראנד האבען בעקאנט גימאכט אז דאס גאנצער חיל האבין אן אים מורד גיוועזין אונ ער איז קוים מיט זיין לעבען אנטלאפען. אונ זייא האבין איבער גירעט דיא שרים פון פאריז אז מען זאל אים טייטען.

פון דיא שמועה איז גיווארין איין שטורמונג צווישען פאריזער איינוואנער אונ עס האט ביינאה גיהאלטין אז איינער דעם אנדערין זאל שטעכין אונ שיסען.

וויא נאפאלעאן האט גיזעהן אז פיל בירגער זענין אפ גישטאנין פון אים קען דאך זיין אז מען וועט אים האפין אין גיפעגקעניש. אונ דאן וועט זיין פסק זיין וויא אמהר אלזויא האט ער גישריבען צוא זיינע סענאט וויא באלד איך זאל זיין אמושל צרפת אין אייער גוטען

ווילען

זיילען אונ וויא באלד איהר ווילט מלחמה פיהרען וועגען מיר דען
וויל איך שוין ניט זיין איינער מושל נאר מיין זאהן זאל גירופען ווערין
קייזער נאפאלעאן דער צווייטער .

דאצוא זענין אלע שׂרים צוא גישטאנען דען אן דעם לודוויגען
האבען אלע ממאס גיוועזין . אונ אין דעם זעלבען טאג איז גימאכט
גיווארין 5 שׂרים וואס זייא זאלין פיהרען מלוכת צרפת ביז דער
יונגער נאפאלעאן וועט גרויס ווערין .

אונ נאכהער האבען דיא 5 שׂרים גישריבען צוא דיא מלכי
הברית אז נאפאלעאן האט אוועק גיגעבין דיא מלוכה אונ ער וועט
שוין נימאלס נעמען זיך גיוועלטיגקייט אויף צרפת אונ ביז וואנען זיין
זאהן וועט גרויס ווערין זאלין 5 שׂרים פיהרען דיא מלוכה אבער דיא
מלכים האבען ניט גיהערט אויף זייער גיבעט אונ זייא זענין גיגאנגען
צוא פאריז .

דאס גאנצע חיל האבין אבער גישריבען צום סאנאט אז ביז
זייער לעצטען טראפען בלוט וועלין זייא געבען פאר דיא נקמה פון
זייער האר נאפאלעאן אונ זייא וועלין זיך שטעלין קעגין שונא אונ
וועז ניט וועט דער שווערד גרייכין אן יעדער שררה אבער קיין שׂר
אונ קיין מושל האט ניט צוא גיהערט צוא זייער גיבעט אונ צוא
זייערע רייד אונ פאריז איז איבער גיגעבין גיווארין צוא דיא שׂרי
הברית .

אונ נאכהער איז לודוויג ווידער קעניג גיווארין אונ צוא דיזער
צייט איז אין פאריז גיהערט גיווארין עכצין אונ קרעכצין אונ פיל בלוט
איז גיגאסין גיווארען וואהרליך אז דער מאשין גילאטינע האט ניט
פאספעט צוא טייטין דיא מענשין וואס מען האט יעדער אויגען בליק
צוא אים גיבראכט אונ יעדער האט מיט זיינע אויגען גיזעהן וויא זיין
גוטער פריינד ווערט גיהרגעט אונ גישאכטין אומזוסט .

אויך דער גרויסער העלד דער גבור צרפת נייא וואס ער איז
מיט גיגאנגען מיט נאפאלעאן אין אלע מלחמות אין זיין שווערד
איז נימאלס ליידיג גיקומען אין זיין שייד אהנע בלוט איז אויך צום
טויט גיבראכט גיווארין אבער ער איז גיגאנגען פרייליך אקוראט וויא
איינער גייט צום טאנץ אונ זיין האנד האט ער גיהאלטען אויף
זיין הארץ אונ ער האט גיזאגט צום תליין צילעוועט ריכטיג אויף
מיר דאס פון ערשטען קויל זאל איך טויט בלייבין מסתמא האב
איך גיטייט מענשען אונשילדיג דרום איז דאס מיין לאהן . אונ
וויא ער האט פון מויל ארויס גילאזט צרפת זאל לעבען איז ער
שאסען גיווארין .

אונ מוראט קֶעניג פון נעאפאל איז אויך גֶערִיכְטֶעט גֶיוָוארִין פון פְרַייִשֶׁען מלך נעאפאל צום טויט אונ עֶר הָאט זיך נִיט גִילָאסְט פַארבִּינְדֶען דיא אויגֶען וִויא דֶער דין איז אַז וֶועמֶען מֶען שִׁיסְט פַארְ־בִּינְט מֶען דיא אויגֶען אונ עֶר הָאט גִיזָאגְט צום תַלְיָין גִיב אַכְט דָאס דוא זָאלְסְט מִיר נָאר טְרֶעפִין אִין הַארְצֶען אונ נִיט אין קָאפּף מִיט שִׂמְחָה הָאט עֶר דֶעם קויל אִין הַארְצֶען עֶנְטְפַאנְגֶען אונ עֶר אִיז גִיבְּלִיבֶּען טויט ·



## ענדע דאס צווייטע טהייל

זה שמו

## קורות עתות

# נאפאלעאן הראשון

## קייזער צרפת,

איך פארזיכער אייך ליבע לעזערס אז ווער עס
וועט קוי.ן דיזען ביכעל וועט קיין חרטה האבין.
ווארום ער וועט ביים לעזען גרויס נחת האבין. אונ
צום לעצט וועט ער אמוכר השכל גיפינען. אז נאר
צוא השי"ת איז דיא ממשלה. אונ וויא עס שטייט ה'
משפיל אף מרומם. שקר הסוס לתשועה וברוב חילו
לא ימלט. נור פון השי"ת קומט דיא הילף: יעצט
האבין מיר צוא גיגעבין דיא דערציילונג פון 2 — 3
טען נאפאלעאן מיט זייערע מלחמות ביז צו זייער ענדע:

## דריטע אין פירטע טהייל



הזכות נמכר לצמיתות לר' פייבל ראזען נאלעווקי 32
נאום אהרן מרדכי בן ש"ר נתנאל דוד זיסבערג ז"ל

ווארשא

בדפוס של ר' אפרים בוימריטטער רחוב דזיקא 44

КОРЕСЪ ИТОСЪ НАПОЛЕОНЪ

составл. Д. Шульгофомъ. Часть II.

ВАРШАВА 1893.

# קורות עתות נאפאלעאן

ענדע פון נאפאלעאן וויא ער איז פאר טריבען געוואָרין נאך אינזיל סאנט העלענא אונ דיא גרויסע צרות וואס ער האט געהאט פון הידזאן לאווע וואס ער איז געשיקט געוואָרין פון ענגלאנד אים צוא קרענקען .

ביא דיא צייט ווען קייזער נאפאלעאן האט גיבארפט אפ פאהרען איז געהערט געוואָרין דער געוויין פון המון עם זייער ווייט אונ ער האט אויך זעהר פיל געוויינט ער האט וואהר דיא ערד גיקישט אונ ביא דעם וואָרט וויא דער גאנצער המון עם האבען געשריען קייזער נאפאלעאן זאל לעבען אין ער איז אבגעפאהרין האבען זיך פיל שררים אן גינומען צוא זיין מיט אים אין גלות אונ צרות איידער צוא זיין מיט לודוויגען אין זיין פאלאץ אונ 2 שיפין זענין אנגעריכטעט געוואָרין אים צוא פיהרען קיין אמעריקא וויא זיין אייגינער וואונש וואהר אונ וויא ער איז דורך געפאהרען האט מען אים גרויס כבוד אן גיטאן וויא צוא פאר .

אונטערדעם האט ער זיך מיישב געוועזין זיך צוא באזעצין אין ענגלאנד אונ דער שר פון דיא שיפען מייטלאנד זיין נאהמען האט אים פארזיכערט אז ער וועט אים דארט ברענגין בשלום אונ ענגלאנד וועט אים כבוד אנטאן וויא פיר אים צוא קאמט .

נאפאלעאן האט געשריבען איין בריף צוא מלך ענגלאנד איך וויל מיך באשיצען אונטער דיין שיץ אונ איך פארזיכער דיר דאס איך זאל אייביג ניט שטערין דיין שלום אונ דיין ממשלה ניט דער־ווידער זיין אונ איך קאם צוא דיר מיין שונא אזויא וויא טעמסיטאקלעס איז צוא זיין שונא געקומען .

ליבע לעזערס איך וועל אייך ערקינדיגען דעם אינהאלט פאן דעם מאן טעמסיטאקלעס דער מאן איז געוועזין אשר מלחמה פיל יאהרען אונ האט אונטערטעניג גימאכט דעם מלך פרס אונ ווייל ער האט גיהאט אונ זיין שטאט פיל שונאים האט ער דיא מלוכה אוועק גיגעבין אונ איז גיגאנגען אונ דער וועלט נע ונד אונ וויא מלך פרס זיין שונא האט דערפין געהערט האט ער בעקאנט גימאכט אז ווער עס וועט צוא אים ברענגען דיא קאפף פון טעמסיטאקלעס דער וועט קריגען 2000 רענדליך וויא טעמסיטאקלעס האט דיא נאכריכט געהערט אלזויא איז ער זעלבסט געקומען צום מלך פרס אונ שפראך מיין הער דא האב איך דיר זעלבסט געבראכט מיין קאפף נון וויל איך דיא 2000 רענדליך אונ [illegible] דיא דיין מיינונג איז געוועזין אז דיין געלט זאל צוא הילפע זיין צוא דעם מענשין וואס וועט ברענגען מיין קאפף אזויא דארף איך אויך ניט ערגער זיין אזויא איז דיא וואהרע רעכט אין

אין איבעריגנס וויא דיא ווילסט אזויא טוא מיט מיר אלזא האט מלך פרס איבער אים זיך ערבארעמט אונ האט אים גימאכט פאר איין שר צבא איבער זיין חיל מיט גרויס כבוד .

אזויא אויך האט נאפאלעאן גישריבען דיא ביסט מיין גרעסטער שונא פאן אייביג אן פון דעסט וועגין בעט איך ביא דיר חסד וויא דער קייזער נאפאלעאן האט זיך צום שיף גיזעצט אזויא איז דער ים באדעקט גיווארין מיט הונדערטע שיפין צוא באלייטען אים אלע שרים פון ענגלאנד האבין זיך גיבוקט אונ גיקניט פאר אים מיט גרויס מורא אונ פחד דיזע בשורה האט פיל גיערגערט דעם מלך ענגלאנד ווארום זאל ער פון זיינע שרים זא פיל כבוד האבין אלזויא האט דער מלך גישריבען צוא זיין שר פון דיא שיפען אז ער זאל זאגין צוא נאפאלעאן אז אלע מלכים האבין מסכים גיוועזין אז ער זאל בלייבין זיצען אפין אינזיל סאנט העלענא אונ אזויא האט דער שר אים גיזאגט אויך איז בעפעל גיוועזין אז מער וויא 4 מענשין שרים אונ אדאקטער זאל ער ניט מיט נעהמין אך לעזער וויא נאפאלעאן האט דיזע נאכריכט גיהערט האט ער גיקלאגט אונ גיוויינט אונ שפראך וויא איז דאס אויסער פון דיא שרי מלוכה אמלך צוא זעצין אויף אוויסטען אינזיל בין איך דען אין מלחמה גיפאנגען גיווארין בין איך דען איין פעלד גזלן ביא אייך פארעכינט מיין גאט איך קאם דאך אלס איין אורח פור מיין געלד זאל מען מיר שפייז ניט וועלין פארקויפין אבדה האמונה איז פארלארען גיווארין איך האב גיגלייבט צוא זייערע גלאטע רייד .

אבער מלך ענגלאנד האט ניט צוא גיהערט אויף דעם גירעכטין גישרייא אונ ער האט נאך מער אים גיערגערט ער האט באפוילין אוועק צוא נעהמען אלע שיסגיווער אונ שווערדין פון זיינע לייטע אונ אלעס וואס ער האט מיט זיך וואס ניט ניטציג איז צוא זיין לעבען זאל כמען אוועק נעהמען אונ מען זאל עס באהאלטין אונ פארזאגט האט דער מלך ענגלאנד גישריבען צוא נאפאלעאן באס אז ער וועט זיך וואגין צוא טאן דיא קלענסטע תחבולה אז עס ווייסט אויס צוא אנטלויפין וועט מען אים זעצען אין אפעסטונג ביז זיין טויט אונ אויך וואר דער בעפעל אז אלע זיינע בריף וואס ער וועט ערגעץ שיקען זאל גילייענט ווערין פון שר דעם אינזיל אונ אפין זאל עס גישיקט ווערין נון נאפאלעאן האט גיזעהן אז זיין שרייען העלפט ניט אלזויא האט ער עס מיט גידולט ערטראגין אונ נאכהער האט ער בוחר גיוועזין פון אלע זיינע שרים נור 4 בערטראנד לאסקאז אונ מאנטהאלאן איך גורגאר אויך 11 קנעכט זיינע רעכט בעגלייבטע אונ אין אבי-

גירייזט

גירייזט נאך כאנט העלענא אונ עס גישיכט דען 15 טען אָקטאבער איז ער דאָרט לשלום גיקאָמין.

דעם איינהאלט פון דעם אינזיל וואר זעהר שלעכטע דער אינזיל איז וואהר באדעקט מיט מייזע אונ מיט שלאנגען אונ מיט פליגען וועלכע טייטין דעם מענשין ע"פ רוב קוואל וואסער איז דאָרט ווייניג נור טייך וואסער דער עסען פון דיא איינוואנער איז שלעכטע שפייז אלטע גיזאלצינע פלייש אלטע פיש אונ רייז אונ איין גרויסער בארג איז דאָרט דא וואס אויבין איז ער פלאך דער בארג רופט זיך אן לאגוואר דער שטעל איז שטענדיג פארשטעלט פון דיא זין אונ דאָרט איז שטענדיג פייכט 3 חדשים ברענט דיא היץ דאָרט וויא פייער אונ 7 חדשים איז רעגינוועטער אונ גרויסע ווינטין אונ 2 חדשים איז שיין וועטער אונ דיא הויז וואס עס איז פיר אים גיגעבין גיוואָרין צוא וואוינען איז גיוועזין קליין אונ נידעריג אונ ווייניג סטאנציעס אז־ געזער. דאס איז דער אויסדערוויילטער אָרט פאר דעם גרויסין קייזער נאפאלעאן גיגעבין גיוואָרין.

אונ דאצוא איז נאך גישטעלט גיוואָרין גינוג שומרים דאס זאלין היטען זיינע טריט וויא ער וועט גיין אקוראד וויא מען האט אפאנגענעם גיזאלן.

נון וועל איך אייך לעזערס ערקינדיגען זיין שטאנד אויף דעם אינזיל אונ זיין וואנונג דיא ווענט פון דיא שטוב וויא ער איז גיזעסין באדעקט מיט וואלענצייג כדי דיא רעגין וועטערן זאל ניט שפינקין דיא נאסקייט פון דיא ווענט אונ אין דיא הייסע צייט זאל ניט אזויא שטארק שפינקין דיא פעך פאן דיא ווענט זיינע תכשיטין וואר דער פאטרעט פון זיינע צוויא ווייבער אונ פון זיין זאן אונ איין וועק זייגער וואס קיניג פרידריך האט אים גישענקט צום פריזענט אונ איין אייזערנע בעטיל צום שלאָפין אונ איין זאפאה וואס דארויף פלעגט ליגען זיינע ביכער אונ אקליין טישעל מיט 6 שטילין אונ איין קליינע קעסטעל צוא האלטין קליינקייטין אונ זילבערנע קרינגעל דיא הויז וואר שוין אויך גינוג פאר דיא אנדערע שרים וואס זענין מיט אים מיט גיוועזין צוא ליידען זיין גלות.

איידער דער קייזער איז גיקומען אויף דעם אינזיל האט נימאנד גיוואלט זיין דאָרטין דעם גאנצין יאהר ווייל דער שלעכטער לופט האט גישאט פאר אונבעקאנטע מענשען אלער העכסטין פלעגין דאָרטין מענשין זיך פארזאמין 3 אדער 4 חדשים אונ וויא ער איז דאָרטין גיקומען איז דער אינזעל גיוואָרין לעבהאפטיג צוא ליב דיא געסט וואס פלעגין אים באזוכין וויא מלך ענגלאנד האט גיהערט אז פיל

שרים

שְׂרָרִים קָאמֶען אִים בַּאזוּכֶען אונ דֶער שַׂר פון אינזעל טְהִיט אִים אָן כָּבוד אַזויא הָאט דֶער מלך אָבְּגֶעשַׁאפְט דֶעם שַׂר אונ הָאט גֶישִׁיקְט אַיין אַנְדֶערִין מִיט זַיין נָאהְמֶען הורזאן לאווע אונ דֶען 14 אפריל 1816 אִיז הורזאן לאווע דָארְט גֶיקָאמִין דֶער מַאן וַואר פון נַאטוּר וַייעֶר שְׁלֶעכְט אונ עֶר הָאט נאפאלעאן גְרויסֶע צָרות אויסְגֶיטֵיילְט בִּיז זַיין גְרוּב .

דִיא עֶרְשְׁטֶע תחבולה פון דֶעם שְׁלֶעכְטִין מַאן אִיז גֶיוֶועזִין צוּא עֶרְגֶערִין דֶעם קייזער אַז וִויא עֶר הָאט גֶיזֶעהְן דִיא אויפְשְׁרִיפְט פון בְּרִיף וָואס עֶס אִיז גֶיקָאמֶען צוּא נאפאלעאן מִיט דֶעם טִיטִיל קייזער הָאט עֶר צוּא רִיק גֶישִׁיקְט .

נַאכְהֶער הָאט עֶר אָן גֶירֶעט אַלֶע לֵייטֶע דִיא וָואס גֶיהֶערִין צוּא אִים אַז זֵייא זָאלִין זִיךְ פִיהְרֶען מִיט נאפאלעאן וִויא מֶען בֶּעגֵייט זִיךְ מִיט אווֹיעִנזִיניק .

נון דָאס הָאט דֶעם קייזער פִיל גֶיגְרִימְט אונ עֶר הָאט גֶינוּמֶען אַיין בִּיכְס אונ הַאנְד אִין שְׁפְּרָאךְ וֶועלְכֶער ענגי'ענדישער מַאן וֶועט צוּא מִיר הֵייטֶע אַבַּיין קָאמִין דֶער וֶועט בַּאלְד גֶישָׁאסִין וֶוערִין .

צוּא דִיזֶע צֵייט הָאבִּין זַיינֶע שְׂרָרִים גֶישְׁרִיבֶּען צוּא מלך ענגלאנד דִיא אוּנְרֶעכְט וָואס עֶר טִיר קֶעגִין קייזער הָאט ענגלאנד אָבְּגֶישְׁרִיבִּין צוּא הורזאן לאווע דִיא זָאלְסְט אִים נִיט קְרֶענְקִין וָוארום עֶר אִיז שׁוֹין גֶינוּג גֶיקְרֶענְקְט אַלֶעס וָואס עֶר בֶּעט זָאלְסְטוּ אִים טָאן מִיט שִׂמְחָה אונ פַארְגְרִינְגֶער פון אִים דִיא גֶיפֵיינְקְנִיס נָאר דִיא דַארְפְסְט גוּט אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אַז עֶר זָאל נִיט אַנְטְלויפִין זִיךְ אונ דִיא דַארְפְסְט זִיךְ פַארְשְׁטֶעלִין זַיין פָארִיגֶע גְרויסְקֵייט אונ כָּבוד וָואס עֶר הָאט גֶיהַאט דְרוּם דַארְפְסְטוּ אִים מֶעהְר נִיט טְרויעֶרִיג מַאכִין אָבֶּער דִיא שְׁלֶעכְטֶע נַאטוּר פון הורזאן לאווע הָאט נִיט גֶיקֶענְט אִיס טְרָאגִין צוּא עֶרְפִילֶען וַייעֶרֶע גֶידַאנְקִין נוּר עֶר הָאט דִיא יָאהְרֶען פון נאפאלעאן אָבְּגֶישְׁנִיטִין פַאר זַיין צֵייט צוּא הורזאן לאווע וֶועגִין זַיינֶע הוצאות הָאט ענגלאנד בַּאפֶעלְט מִיט דֶעם נוכח מִיר פַארְלַאנְגִין אַז יענעראל באנעפארטע זָאל זִיךְ פִירֶען מִיט צרכי הבית וִויא אַגְרויסֶער יענעראל אָבֶּער נִיט אַלְס קייזער מִיר ענגלאנד גִיבֶּען אִים אַכְט טויזֶנד פִינְט שְׁטֶערְלִינְג אַיאָהר אונ אויב עֶס אִיז וֵוייניג זָאלְסְטוּ אִים גֶעבִּין צְוֶועלְף טויזֶנְד אונ אַז דִיא וֶועסְט זֶעהְן אַז דָאס אִיז אויךְ וֵוייניג הָאסְטוּ פְרֵייהֵייט צוּא הֶעכֶערִין וִויא פִיל דִיא פַארְשְׁטֵייסְט וִויא דִיא נַאכְרִיכְט אִיז גֶיקוּמֶען צוּא הורזאן לאווע הָאט עֶר גֶיזָאגְט צְוֶועלְף טויזֶנְד מוּז גֶינוּג זַיין .

אָבֶּער בַּייל אויף דֶעם אינזיל אִיז אַלְט טַייעֶר וָוארום אַלֶע

עֶסִין שְׁפֵּייז קָאמְט דָארְטִין פוּן וַוייטֶע לֶענְדֶער אִיז דִיא זוּמא גִיוֶועזִין זֵייעֶר וֵוויינִיג .

דִיא שׂרי נאפאלעאן הָאבִּין גִישְׁרִיגֶען צוּם הודואן לאווע אָבֶּער עֶר פְלֶעגְט נִיט עֶנְטְפֶערִין אוֹידֶער עֶר פְלֶעגְט עֶנְטְפֶערִין צוּקֶער בשׂמים אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע עֶרְטִיקְלֶען אִיז מִיט נֵייטִיג צוּא קוֹיפֶען אִיהְר ווילְט זִיךְ גְרוֹים פִיהְרֶען . נֵיין אִין שׁביה פִירְט מֶען זִיךְ נִיט גְרוֹים .

וְוִיא קֵייזֶער נאפאלעאן הָ״ט גִיזֶעהְן אַז דֶער אַבְזָר הֶערְט נִיט צוּא זַיין גִיבֶּעט הָאט עֶר בֶּעפוֹילִין צוּא זַיין אוהב נאמן מאנטהאלאן צוּא שְׁרַייבֶּען אֵיין בְּרִיף צוּא הודואן לאווע מִיט דֶעם אִינְהַאלְט .

היות דיא מושלי ענגלאנד הָאבִּין פוּן מִיר אַוֶועק גִינוּמֶען דֶעם גְרוֹיסִין כֵאךְ גֶעלְט וָואס אִיךְ הָאבּ גִיהַאט צוּא דֶער צַייט וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ גִיזֶעצְט צוּם שִׁיף אוּנ עלעראפהאן גְלַייךְ וְוִיא מֶען נֶעמְט אַוֶועק פוּן אגזלין וָואס מֶען זֶעצְט אִים תָּפוּס נוּן פַארְלַאנְג אִיךְ אַז פוּן דִיא גְרוֹיסֶע סוּמֶע זָאל גִימַאכְט וֶוערִין אֵיין קַאנְטָאר גִישֶׁעפְט אִין וֶועלְכֶע שְׁטָאט דוּא וֶועסְט וֶועלִין אוּנ פוּן דֶעם פַאר דִינְסְט וֶועל אִיךְ מִיךְ צֶערְהֶערֶען אוּנ אִיךְ וִויל נִיט אַז ענגלאנד זָאל פַארְצֶערִין גֶעלְט פוּן מֵיינְט וֶועגִין אוּנ דִיא בְּרִיף וָואס וֶועט גִישִׁיקְט וֶוערִין נָאךְ דֶעם קַאנְטָאר מוּז זַיין פַארְזִיגֶעלְט נָאר אִיךְ פַארְזִיכֶער אוֹיף מַיין נָאמֶען אוּנ מִיט מַיין לֶעבִּין אַז קֵיין אַנְדֶער זַאךְ זָאל אִיךְ אִין קַאנְטָאר נִיט שְׁרֵייבִּין נָאר וֶועגִין מַיין גִישֶׁעפְט .

אוֹיף דִיזֶען בְּרִיף הָאט דֶער אַבְזָר הודואן לאווע גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער מושל ענגלאנד ווִיל נִיט אַז זַיינֶע תפוסים זָאלִין אֵייגֶענֶע גֶעלְד פַאר צֶערְהֶרִין אוּנ דָאס אִיז נִיט שַׁיין פַאר מלךְ ענגלאנד אוּנ דִיזֶער אוֹיפְטְרַאכְט אִיז נָאר אֵיין בֶּעווייז אַז עֶר מֵיינְט אַנְטְלוֹיפִין דֶען וָואס קָאן נאפאלעאן מִיר גֶעבִּין אַמַשְׁכּוֹן אַז אִין זַיינֶע פַארְזִיגִילְטֶע בְּרִיף זָאל נִיט גִישְׁרִיבֶּען זַיין וֶועגִין אַנְטְלוֹיפִין זַיין וָוארְט אוֹידֶער זַיין שְׁבוּעָה קֶען נוּר גִילְטֶען צוּא אֵיין משכון פַאר קְלֵיינֶע קִינְדֶער אָבֶּער נִיט פַאר מִיר .

אַךְ לֶעזֶער וְוִיא הָאט וֶוערְטֶער נאפאלעאן גִיקְרֶענְקְט צוּא הֶערִין פוּן אַזוֹיא אֵיין גִימֵיינִין מֶענְשׁ צוּא זָאגִין אַז נאפאלעאנס וָוארְט אִיז גָאר נִיט גִיאַכְטֶעט נאפאלעאן הָאט אִים גִישִׁיקְט אֵיין אַנְטְוָוארְט דוּא בִּיסְט מֶעהְר נִיט נָאר אֵיין שְׁטֶעקִין צוּם שְׁלָאגִין אָבֶּער נִיט קֵיין מֶענְשׁ . אוּנ הִיטֶע דִיךְ דוּא זָאלְסְט נִיט בַּאטְרֶעטִין מַיין שְׁוֶועל סַאיידֶען צוּא דֶער צַייט וֶוען דוּא וֶועסְט פְרַייא הָאבִּין מִיךְ צוּא טֵייטִין דַאמָאלְס אִיז מַיין הוֹיז פַאר דִיר פְרַייא צוּא קָאמֶען .

פִיל מֶענְשֶׁען הָאבִּין דַאמָאלְס גִיזָאגְט אַז דֶער קֵייזֶער הָאט בְּאֶמֶת נַארִישׁ גִיטָאן וָואס עֶר הָאט דֶעם שׂר פַארְזָאגְט זַיין פָּנִים נִיט צוּא

זעהן

זֶעהְן אונ עֶר הָאט אִים גִיזִידִילְט אָבֶּער דִיא מֶענְשִׁין הָאבֶּען זִיךְ וַואר נִיט גֶיקֶענְט פָארְשְׁטֶעלִין דִיא צָרוֹת וָואס עֶר הָאט אִים אֵייסְגִיטֵיילְט וָואס דָאס וַואר אִים עֶרְגֶער וִויא דֶער טוֹיט .

נַאכְהֶער הָאט מאנטהאלאן גִישְׁרִיבֶּען אֵיין בַּקָשָׁה צוּם שַׂר פוּן אינזיל וַוייל דִיא 12 טוֹיזִינְד אִיז זֵייעֶר וֵוינִיג אַלְזוֹיא בֶּעט דֶער קֵייזֶער אַז מֶען זָאל שִׁיקֶען זַיינֶע בְּרִיף צוּא דִיא מוֹשְׁלִים פוּן זַיינֶע גִיטֶער אִין אֵייראָפָּא אַז זֵייא זָאלִין אִים יֶעהְרְלִיךְ פוּן זַיינֶע גִיטֶער צוּא שִׁיקֶען 3190 טַאלֶער וִויא דֶער רֶעכֶענוּנְג מַאכְט אוֹיס דִיא פֶּעלוּנְג פוּן זַיין הוֹצָאָה . דֶער אַכְזָר הָאט אָבֶּער גִיעֶנְטְפֶערְט נאפאלעאן דַארְף זִיךְ נִיט גְרוֹיס פִיהְרֶען וֶועט עֶר הָאבִּין גִינוּג דִיא 12 טוֹיזִינְד וָואס ענגלאנד גוּט אִים .

וִויא נאפאלעאן הָאט גִיזֶעהְן אַז דֶער שַׂר עֶנְטְפֶערְט נִיט מְמַלֵא זַיין דִיא בקשה הָאט עֶר גִיהֵייסִין אוֹיף דֶעם אוֹיפִין צוּא שְׁרַייבִּין פִילֵייכְט וֶועט עֶר דַארוֹיף רחמנות הָאבִּין וֶוען דוּא וֶועסְט נִיט מְמַלֵא זַיין מֵיינֶע פָארִיגֶע בקשות דֶען בִּין אִיךְ אַמוּכְרַח צוּא פַארְקוֹיפִין מַיינֶע זִילְבֶּערְנֶע אונ גִילְדֶערְנֶע כֵּלִים אָבֶּער אִין שְׁטָאט וָואס עֶר הָאט גִידַארְפְט רחמנות הָאבֶּען הָאט עֶר זִיךְ גִיפְרֵייט אונ עֶנְטְפֶערְט דָאס מֶעגְסְטוּ פַארְקוֹיף דַיינֶע חֲפֵצִים אונ עֶס וָואס דִיא ווִילְסְט .

אונ דִיא צַייט הָאט מִיט גִיבְּרַאכְט אַז נאפאלעאן הָאט פַארְקוֹיפְט פִיל (כלי כסף אונ כלי זהב) אונ וַוייל דֶער בֶּעפֶעל אִיז גִיוֶועזִין אוֹיפִין שַׂר אַלְס וָואס עֶס וֶועט גִישֶׁעהְן מִיט נאפאלעאן זָאל עֶר דִיא מלוכה צוּא וִויסֶען טָאן אַזוֹיא הָאט עֶר מוֹדִיעַ גִיוֶועזִין דֶעם מלךְ ענגלאנד אַז נאפאלעאן הָאט פַארְקוֹיפְט זַיין כסף וזהב אונ צֶערְט זִיךְ דַאפִּיר .

וִויא דִיא שָׂרֵי ענגלאנד הָאבִּין גִיהֶערְט דִיא נַאכְרִיכְט אַלְזוֹיא הָאבֶּען זֵייא גִישְׁרִיבֶּען צוּא הודזאן לאווע מִיט דִיא וֶוערְטֶער דִיא נַאכְרִיכְט וָואס נאפאלעאן פַארְקוֹיפְט זַיינֶע תכשיטין אוֹיף הוצאות דָאס גִיפֶעלְט אוּנְז נִיט ע״כ זָאלְסְטוּ אִים גֶעבִּין וָואס עֶר דַארְף נוּר אַז עֶר וֶועט זִיךְ וֶועלִין בְּרֵייט פִיהְרֶען וִויא אַקֵייזֶער זָאל עֶר זִיךְ פוּן זַיין אֵייגֶען גֶעלְט צוּא לֵייגֶען . מִיר ווִילִין זַיין רֵיין פוּן דִיא רֵייד וָואס עֶס וֶועט אוֹיף אוּנְז פַאלִין דוּרךְ דַיין שְׁלֶעכְטִין פִירִינְג מִיט אִים .

זֵייא הָאבִּין גִישְׁרִיבֶּען זֵייעֶר בַּאפֶעל אונ דֶער אכזר הודזאן לאווע הָאט דָאךְ נִיט מְקַיֵים גִיוֶועזִין וַוייל עֶר הָאט גִיוִויסְט אַז זֵייעֶר גוּטֶער בַּאפֶעל אִיז נָאר פוּן מֶענְשִׁינְס וֶועגִין אונ בִּפְרַט עֶר אִיז גִיוֶועזִין זֵייעֶר שְׁלֶעכְט פוּן נאטור .

נַאכְדֶעם וִויא נאפאלעאן הָאט גִישְׁרִיבֶּען צוּם מלךְ לאנדין וֶועגִין דִיא אוּנְרֶעכְט וָואס מַאן הָאט אִים גִיזֶעצְט אונ אַזוֹיא אַשְׁטוּב וָואס

עס

עס פאסט נור פאר גנבים אונ גזלנים דאן האבין זייא אן גיפאנגען צוא שיקען ברעטער קלעצער שטיינער פון לאנדין אים צוא בויען איין שטוב נאך זיין ווינש אונ דעם רעכנונג פון דיא הויז איז אונ פלאן גיוועזין 7 הונדערט טויזינד טאלער.

אונ דער בנין האט גידויערט עטליכע יאהר ביז וואנען ער איז גישטארבין אונ צרות אונ אז זייא וואלטין גימיינט באמת האט דאס גיקענט פארטיג ווערין אונ איין יאהר אונ ווייל זייא האבען גיבויעט צום פאראד דרום האט עס פיל יאהרין גידויערט.

דאס איז דיא ערצעהלונג פון אכזר הודזאן לאווע צום מלך ענגלאנד דעם ענין וויא ער האט גירעט מיט נאפאלעאן אודות דעם בנין.

נאכהער וויא איך האב גיוואלט גרינדליך וויסען דעם רצון פון באנאפארטען אודות דעם בנין וויא עס זאל גיבויעט ווערין אונ איך בין דאך פארבויטען גיוועזין פון אים זיין שוועל ניט צוא בעטרעטין וויא ער האט מיר זעלבסט גיזאגט אז ער וועט מיך שיסען.

בין איך גגאנגען צום יענעראל בערטראנד אונ האב אים גיבעטין ער זאל פרעגין נאפאלעאן אויב ער וועט מיך ערלויבין קאמען צוא אים ריידין וועגין בנין. ער האט מיר בעאנטווארטעט אז איך זאל גיין אין ער וועט מיר שיקען מקבל זיין וויא איך בין גיקומען צוא אים האב איך אים גיפונען שטיין אין מיטען שטוב זיין היטעל אונטער זיין ארעם אונ ער האט שוין גיווארט אויף מיין קאמען ער האט צוא מיר ניט גרעט איינינע מינוטען אלזא האב איך אן גיהויבין צוא ריידין. מלך ענגלאנד וויל בויען פאר דיר איין שיינען פאלאץ אונ אלעם וואס מאן דארף איז שוין גיבראכט ע״כ פרעג איך דיר דיין רצון אויב דוא ווילסט אנייען פאלאץ דארף דאס גידויערין עטליכע יאהר אונ אויב דוא ווילסט ניט עס זאל לאנג דויערין דען וועט מען אויף דעם בנין נאך אבנין ארויף שטעלין איך בלייב שטיל איןווארט אויף איין ענטפער אבער ער האט מיר ניט גיענטפערט אלזויא האב איך ווידער גיפרעגט אדוני איך מיין אז עס איז גלייכער נאך צווייא גילשטיבער אויף דעם פאלאץ ארויף בויען וועט ניט לאנג גידויערין אבער איין נייען דארף פיל יאהרען דויערין מיין הער ענטפער מיר.

דאן האט נאפאלעאן אנגיהויבין צוא ענטפערין מיט גרויס צארין. אונ שפראך איך וויים ניט דעם גידאנקען פון דיין מלך צוא האט ער דיך היר גישקט מיך צוא מייטען ענטוועדער מיך צוא היטין אים גיט צוא אנטלויפין אויער אויף ביידע ארטען ביסטו גיזעצט.

האטשי איך קען פאר קיינעם מגלה זיין דיא אום רעכט פון ענגלאנד קענין מיר אבער דיא נאכקאמענדע וועלין עס רעכט ערקלערין וויא ענגלאנד פירט מיט מיר ׃

וויא איך האב גיהערט אז דוא קאמסט היר אן פאר איין מושל האב איך גיטראכט דוא ביסט מיט שכל אונ מיט גבורה אונ דוא וועסט בעסער פירען מיט מיר אלס דער פאריגער נון זעה איך אז יענער האט מיר מיט איין דינע ריט גישטראשעט אונ דוא שלאגסט מיך מיט איין גראבען שטעקין יעדער טאג . פיל גרעסערע שרים וויא דוא ביסט האבין מיך בעדיהנט גינוג ווארּ מיר שוין שלעכט אז איך בין פון אזויא אשפל גיבעטין גיווארין אויף מיטאג אונ לסוף טוסטו מיר אן אזויא אחרפה שרייבסט מיר אריין איין בילעט מיט דעם לשון איך בעט דעם יענעראל באנאפארטע צוא מיר אויף מיטאג . קייזער נאפאלעאן איז מיין נאמען אונ דיזער נאמען וועט אייביג פון מיר ניט אוועק גינומען ווערין דען דער טיטל איז מיר אויך גיגעבין גיווארין פון מיינע גרעסטע שונאים אונ דס קען ניט גיענדערט ווערין נאך הער שפראך ער ווידער צוא מיר זאג מיר וויא איז היר מיין זיצין צוא צום לעבין ענטוועדער צום הרגנן ׃

דאן האב איך גיענטפערט איך בין דאך ניט גיקאמען צום הערין חרפות אונ שאנד צוא הערין איך בין דאך נאר גיקומען פרעגין דעם רצון פון הערין וועגין דעם בנין אונ אויב דיא ווילסט גיט ענטפערין דען גייא איך צוא הויז ׃

אלזויא האט ער גיענטפערט איך מיין ניט דיך צוא זידלין א׳ ׳ צוא ערגערין איך פרעג דיך נאר וויא באגייסטו זיך מיט מיר צוא וויא אבן חיל האב איך אים גיענטפערט יא וויא אבן חיל פון מיין מלך אבער ניט וויא אבן חיל פון אנדערע מדינות אונ אויב דיא מיינסט אז איך טוא דיר אונרעכט דען שרייב מיינע עולת צוא מלך ענגלאנד אונ איך וועל זעלבסט היין שיקען אונ אויב ער וועט מיך דאפיר באשטראפין בין איך עס מקבל מיט פרייהין ווילין אלזויא הט ער מיר גיענטפערט וואס העלפט מיר וואס איך וועל היין שיקען מיין בריף אז זייא ווילין אפילו נאר ניט לייענען אונ שמייסין עס אויפין פייער ׃

אונ וואס דיא פרעגסט מיר וועגין דעם בנין פרעג איך דיר וויא איז דער אינהאלט צוא איך קען אום ערוועלין אשטעל וויא צוא בויען צוא דער בעפעל איז אז דיא זאלסט אויסקלאבין איין שטעל צוא בויען דען האב איך גיענטפערט אויב דיא ווילסט אונ איין אנדערע געגינד צוא בויען דארפסטו מיר זאגין דעם שטעל וועט

מיר

מיר גיפֶעלין וֶועל איך מסכים זַיין צוא דַיין בֶּעפֶעל אונ אַז מיר וֶועט ניט גיפֶעלין מיסטו מיר פָאלְגִין וָוארום איך בּין דַיין היטְטֶער אונ הֶערר .

וויא איך הָאבּ אוים גירֶעט דיא וֶוערְטֶער אַז דיא וֶועסְט מוּזִין מיר פָאלְגִין איז זַיין פָּנִים גיוָואריִן וויא קַאלֶעךְ אָן וַואנְד אונ עֶר הָאט גישְׁטוּירֶעמְט מִיט זַיין צָארִין וויא דֶער יַם פון גְרוֹיסִין ווִינְט אונ שְׁפְּרָאךְ איך וֵייס דֶעם גַאנְצֶען אִינְהַאלְט אַז דיא זָאלְסְט מִיךְ מֵייטִין בַאנְגַזאם כְּדֵי איך זָאל מֶער צָרוֹת הָאבִּין אַךְ וויא מֵייעֶר וָואלט איך דיךְ הַאלְטִין אַז דיא זָאלְסְט נֶעמֶען מֵיין בִּיקְס אונ מִיךְ שִׁיסֶען דֶען וֶועל איך פטור וֶוערִין פון צרות .

אויף דיא וָוערְטֶער הָאבּ איך גִיעֶנְטְפֶערְט . מֵיין הֶערר . מלך ענגלאנד וויל ניט זֶעהְן דַיין טוֹיט אויךְ איך וויל עֶס נִיט אונ גימַאנְד טוּט דיר שְׁלֶעכְטְס נור דיא הָאסְט ווִיר דיא שְׁלֶעכְטִין זָעלְבְּסְט גיטָאן אונ צוא דיא וָוערְטֶער הָאבּ איך מִיךְ גיבִּיקְט אונ בִּין אַרוֹים גיגַאנְגֶען פון זַיין הויז .

דִיזֶע רֵייד הָאט דֶער הודזאן לאווע גישְׁרִיבֶּען צום מלך ענגלאנד .

אונ מלך ענגלאנד הָאט אָב גִיעֶנְטְפֶערְט מִיט דֶעם לָשׁוֹן דיא דַארְפְסְט דיךְ נִיט וואונְדֶערִין אויף זַיין כעס אונ דַארְפְסְט זיךְ נִיט עֶרְגֶערִין דַארוֹיף וָוארום זַיינֶע צָרוֹת איז פִיל גְרֶעסֶער וויא דֶער יַם אונ כל זמן עֶר רֶעט נָאר מִיטֶען מוּיל מוּסְטוּ לֵיידֶען פון אִים נָאר אַז עֶר וֶועט טָאן מִיט דיא הֶענְט מֶעגְסְטוּ אִים זֶעצִין אונ פעסטונג אונ עֶר איז אִין בַּיין ווִילִין צוא טָאן וָואס דיא וֶועסְט וָועלִין .

עֶס טְרֶעפְט בַּייא מַאנְכֶע נְגִידִים אַז אֵיין אָרֶעמַאן קאמְט אַבֵּיין בֶּעטִין אַשְׁטִיקִיל בְּרוֹיט גִיבֶּען זֵייא נִיט אונ טְרֵייבִּין נָאךְ דֶערְצוּא אַרוֹים אונ אַז דֶער זָעלְבֶּער נגיד קָאמְט אִין אחברותה פון נגידים וויא מֶען וַוארְפְט זיךְ צוא זַאמִין אנדבה פון עָטְלִיכֶע רוביל גִיט עֶר יָא אַזוֹיא אויךְ הָאט ענגלאנד מִיט אִים גימַאכְט אַז עֶר הָאט גיבֶּעטִין הסד אַז פון זַיינֶע אֵייגִינֶע גֶעלְט זָאל מֶען אִים גֶעבִּין אויף דיא הוצאות וָואס עֶס פֶעלְט אִים הָאבִּין זֵייא אִים נִיט גִיגֶעבִּין אונ אפּאראץ צוא בּוֹיעֶן וָואס דיא וָועלְט וֶועט בַּארְפִין וויסֶען הָאבִּין זֵייא יָא גיוָואלְט בּוֹיעֶן .

דֶער בנין הָאט אוֹיף גימַאכְט אַלֶע מֵיילֶער צוא רֵיידִין אונ צוא דֶער צֵייטִין דיא חסד פון ענגלאנד אונ נָאכְהֶער איז עֶס אַלֶעס גישִׁיקְט גיוָוארִין נָאךְ סאנט העלענא אונ ימים רבים איז גִילֶעגִין די צרכי הבנין נִיט אוֹף גישְׁטֶעלְט וָוארום דֶר פקיד איז שׁוֹין מֶער נִיט גיגַאנְגֶען צוא נאפאלעאן אונ נאפאלעאן הָאט נִיט גיפַּאסְט גֵיין צוא

אים אונ בעטין אים צוא בויען .

אונ לעצטין יאהר פון דעם קייזערס לעבין אז דער הודזאן לאווע האט גוט פארשטאנען אז ער מוס שטארבין האט ער גיהייסין צוא זאמין שטעלין דעם בנין אונ רינגס ארום איז גישטעלט גיווארין איין אייזערנע צאם אך לעווער . וויא דער קייזער האט דאס דער זעהן האט ער גישריען אך צוא בין איך דען אלעס גולן גיפאנגען גיווארין אז מען זאל מיך זעצין אונ אשטוב וואס פארצאמט איז מיט אייזערנע שטאכעטין .

אונ ער האט גישווארין אז צייט זיין לעבין זאל זיין פוס ניט קאמען אויף דעם שוועל פון דעם פאלאץ וויא דער אכזר היט גיזעהן אז דער צאם גיפעלט ניט דעם קייזער האט ער עס פון אנדער גינומען דען איין מאהל האט ער ממלא גיוועזין דעם רצון פון נאפאלעאן אבער דיא גאנצע צייט וואס נאפאלעאן איז גיוועזין אויפין אינזיל האט ער אים טאג טעגליך גיקרייענקט .

איין מאל ווענס האט נאפאלעאן פרייא גיהאט צוא שפאצירין אויסין שטאט אבער וויל דער געגינד איז שטענדיק גיוועזין פייבטליך אונ דאס איז ניט גיזונט גיוועזין פיר דעם קייזער אלזויא זענין זיינע שררים גיגאנגען צום מושל אונ זענין גיפאלין פאר זיינע פיס אז ער זאל זיך ערבארעמען אונ געבין פרייהייט צום קייזער מעהר ווענס פאהרין צוא קענען יא וואר זיין ענטפער אבער מיינע שומרים זאלין אים נאך רייטין וויא נאפאלעאן האט דעם ענטפער גיהערט האט ער גיזאגט עס איז בעסער צוא שטארבין איידער אז שומרים זאלין אים נאך גיין צום שפאציר .

ווידער האט דער אכזר בעפוילין כדי נאפאלעאן צוא קרענקין אז קיין מענש טאר ניט גיין צוא נאפאלעאן וויא דער מאן זאל ניט האבין ערלויבנים פון אים צוא גיין צוא נאפאלעאן .

ליבע לעזערם אזויא וויא זיין הצלחה איז צוא פאר גיוועזין אן א שיעור וויא ער אליין האט גיזאגט איך האב וואהרליך גיזעהן אז מלאכים פון הימיל היטין מיך אזויא אויך איז נאך העער זיינע צרות גיוועזן אן אשיעור בייא זיין יענעראל בערטראנד איז קאלע גיווארין זיין קלייוויר האט נאפאלעאן גישיקט מוזיק דירעקטאר פון דיא שיפען אז ער זאל קומין צוא רעכט מאכין אונ ער זאל באפיר בעלאנט ווערין נון וויא הודזאן לאווע האט זיך דערוואוסט האט ער אים פארזאגט מיט דיא ווערטער וואגע דיך ניט צוא גיין .

אונ וואס דער אונעבארימיגער שר האט גיקרענקט נאפאלעאן אזויא האבין דאך אלע אינזיל בעוואוינער אים בכבוד גיהאלטין אונ

ווער

װער עס האט איהם דערצעהלט דער האט זיך פיר איהם געביקט אונד װייל דען הודזאן לאװע האט דאס פארדראסען פלעגט ער איהם טאג טעגליך קרענקען.

פון דיא גרויסע צרות װאס ער האט געליטען פון איהם אונד ער האט איהם ניט געשאסען איז איין גרויסער בעװייז װאס פיר איין שטארקע הערץ נאפאלעאן האט געהאט פילייכט װאהר ער טאקי נאר איינער אונד דער גאנצער װעלט מיט אזויא איין שטארקע הארץ.

װיא נאפאלעאנס גוטע פריינד האבען אונד לאנדאן בעקאנט געמאכט זיינע צרות אלזא האבען זייא געשריבען צום שר אז צװעלף מייל רינגס ארום זאל ער מעגען פאהרען צום שפאציר אונד 50 מענשען פון דיא איינװאהנער זאל ער אויס ערװעהלען מיט זייא זיך צוא געזעלענען אבער זייא טארען צוא איהם ניט קומען ביידען דער שר זאל זעהען דעם בילעט װאס נאפאלעאן האט צוא געשיקט פארבעטען צוא זיך.

אונד דאצוא נאך פיל אזהרות איז געװעזען װיא נאפאלעאן האט געלייענט דיא פרטי אופנים האט ער אויף זיך מקבל געװעזען צוא זיצען ביי זיך אונד שטוב איידער צוא פאהרען שפאצירען מיט דעם אופן װיא זייא האבען אויסגעזעצט.

באמת זיינען גרויסע שררים פון מרחקים געקאמען אויף דעם אינזיל זיך צוא זעהען מיט איהם אבער װייל דער באפעל איז געװען אז דער מענש װאס האט געװאלט גיין צוא נאפאלעאן האט זיך גידארפט פארשרייבען ביים שר את אויב ער האט זיך פארזאמט ביז נאכט האבען דיא שומרים דעם מאן ניט געלאסט גיין צוא זיין סטאנציע דרום האבען מענשען אב געהאלטען זייער קאמען צוא איהם אונד ער איז געזעסען זעלבסט פארטרויערט אדער ער פלעגט שמועסען מיט זיינע יענעראלין.

סוף דבר דער בעפעל האט איהם אזויא שטארק פארביטערט זיין לעבען אז ער איז אונד גאנצען געביטען געװארען װיא ער פלעגט דיא פאריגע יאהרען לויטער פרייליך זיין אונד גאנץ װייניג שלאפען אזויא האט ער דאװקא פיל געשלאפען אונד אין טרויערקייט געזעסען אונד דאס װאר זיין גאנצער נחת געװעזען װאס ער פלעגט פיל ספרים מחבר זיין אונד זיינע גאנצע צייטען פלעגט ער דארין פארברענגען.

האטשי ער האט זיך געקענט תענוגים אן טאן פון עסען אונד טרינקען דעסטװעגען האט ער ניט העדליך געלעבט.

װאלטער שקאט פון ענגלאנד װאס ער װאר נאפאלעאנס רעכטער שונא האט ער זיין עדות געגעבען אז צװישען שררים געפינט זיך ניט אזויא איין מענש װיא נאפאלעאן זאל פיינט האבען גוטע עסענשפייז

אונד

און גוטע גיטראנק .

ווידער זאגט וואלטער שקאט דער ווינדער איז צוא באשרייבין מיר אלע וויסין דאך אז נאפאלעאן האט אונ זיין גאנצין לעבין קיין צייט גיהאט צוא קוקין אונ ספרים וויא דער שטייגער פון אנדערע פערפאסערס ווארום ביז 15 יאהר האט ער אונ שקאלעס גילערינט צום מערסטין חכמת מדידה אונ מלחמה אונ צוא 17 יאהר איז ער שוין צוא מלחמה גינאנגען אונ אונטער דיא גאנצע צייט ביז ער איז פארטריבין גיווארין האט ער קיין גירוהיגין טאג גיהאט אונ זיינע ספרים איז זייער וואהל דען קען מען לייכט פארשטיין אז זיין שכל איז וואר וויא איין קוואל נון ווען דער שונא גמור זאגט אזויא נון קען מען פארשטיין וויא דער גוטער פריינד זאגט אויף זיינע היבורים .

וויא דער רעש איז ארוים צוא אלע מלכי אייראפא דיא אונרעכט וואס דער הודזאן לאווע טוט צוא נאפאלעאן אזויא האט קייזער עסטרייך זיין שוועהר גישיקט זיין אדיוטאנט אונ קייזער אלכסנדר אונ מלך צרפת האבין זייערע גרויסע שררים גישיקט קיין סאנט העלענא צוא זעהן אויב זיין גישרייא איז אמת אבער וויא זייא זענין דארט גיקאמען האט נאפאלעאן צוא זייא ארויין גישריבין אז זייא זאלין זיך ניט וואגען צוא באטרעטין זיין שוועל אים צוא זעהן .

ווען איהר לעזערס פרעגין פאר וואס האט ער זייא ניט גיליטין נון דארפט איהר וויסען ווייל נאפאלעאן האט אזויא גיזאגט צום קייזער עסטרייך האב איך פיל טובות גיטאן אונ ווידער ער איז דאך מיין שוועהר אונ מיט קייזער אלכסנדר האב איך זייער גוט גילעבט אונ ער האט מיר דאך צוא גיזאגט אז כל זמן ער וועט לעבין וועט ער מיט מיר קיין מלחמה פיהרין אונ זייא האבין ערלויבט מיך צוא זעטצען אונ שווערע תפיסה מסתמא איז בייא זייא באמת קיין רחמנות ניט דא אונ דיא שררים זענין נאר גישיקט גיווארין מיך צוא ערגערין אונ צוא גרייסין מיין טרויערקייט .

אונ באמת האט נאפאלעאן דיזען מאל נאריש גיפירט ווארום זייא זענין גישיקט גיווארין נאר אים צוא פארגרינגערין אונ ניט צוא באשווערין אבער ווייל נאפאלעאן האט איין מאל גיזאגט האט ער שוין זיין ווארט ניט צוא ריק גיצויגין וויא אונ זיין הצלחה צייט האט ער גיהאלטין ווארט אזויא אויך אונ זיין שלעכטע צייט האט ער ניט משנה גיווען זיין ווארט אונ דיא דרייא מאגנאטין זענין צוא הויז גיפאהרין אהנע צוא זעהן זיין פנים . קיין שררה פלעגט דער הודזאן לאווע ניט לאזין גיין צוא נאפאלעאן סיידין אויף דעם תנאי אז דער שררה זאל ניט גיין אן היטעל אונ דער שררה פלעגט זיך מוזין אונטער

שרייבין

שְׁרַייבִּין אַז עֶר זָאל זַיין הִיטֶעל אויפִין קָאפּ טְרָאגִין דִיא צַייט וָואס עֶר וֶועט מִיט אִים רֵיידִין אונ וַוייל זַיינֶע יענעראלין כְלֶעגִין אִים כָּבוד אָן טָאן גְלַייךְ וִויא דִיא צַייט וָואס עֶר אִיז גִיוֶועזִין אונ פאריז אונ זֵייא פְלֶעגִין זִיךְ נִיט זֶעצִין אונ זַיין שְׁטוּב אונ פְלֶעגִין שְׁטֵיין אָן הִיטֶעל אָבֶּער וִויא אַפְּרֶעמְדֶער פְלֶעגְט אַרַיין קָאמִין אונ הִיטֶעל אַלְזוֹיא הָאט עֶר אַוִוינְק גִיטָאן צוּא זַיינֶע שׂרים זֵייא זָאלִין אויךְ אָן טָאן דִיא הִיטְלֶען.

ענגלענדער קאנזול וָואס זִיצְט אונ חינא מִיט נָאמִין סיראליב הָאט נאפאלעאן בַּאזוּכְט אויפִין אינזיל אונ עֶר הָאט זִיךְ עֶטְלִיכֶע וָואכִין בַּייא אִים פַּארְזַאמְט נָאךְ דֶעם וִויא עֶר אִיז קֵיין לאנדין גִיקָאמִין הָאט עֶר גִימַאכְט אֵיין ספר פוּן נאפאלעאנס. רֵייד.

עֶטְוָואס וֶועל אִיךְ דָא אַייךְ דַאפִּין דֶער צֵיילִין עֶר שְׁרַייבְּט אַזויא.

חָאטְשִׁי אִיךְ הָאבּ דֶעם גענעראל באנעפארטע פִיל מָאל גִיזֶעהְן בעת הצלחתו פוּן דֶעסְטְווֶעגִין וִויא אִיךְ הָאבּ אִיצְטִיגֶען מָאל אִים גִיזֶעהְן אונ זַיין שְׁלֶעכְטֶע צַייט בִּין אִיךְ פוּן זַיין בְּלִיק צוּא צִיטֶערְט גִיוָוארִין וִויא אִיךְ הָאבּ אִים דֶערְזֶעהְן.

הָאבּ אִיךְ נוּר גִיטְרַאכְט אַז אִיךְ שְׁטֵייא פַאר אֵיין מלאך פוּן הִימֶעל. זַיינֶע נִידֶערְטְרֶעכְטֶע שׁוֹמְרִים זֶענִין נִיט אונ שְׁטַאנְד צוּא פַארְפִינְכְּטֶערִין זַיין שֵׁיינֶעם גִישְׁטַאלְט חָאטְשִׁי אונ זַיין וָואהנוּנְג אִיז קֵיין צִירוּנְג דָא דָאךְ אָבֶּער לֵייכְטִין גָאר דִיא וֶוענְט פוּן זַיין גִישְׁטַאלְט אִין אִיךְ זָאג מֵיין עֵדוּת אַז דִיא גדולה וָואס עֶר הָאט צוּא פָאר גִיהַאט אִיז נָאךְ גָאר נִיט גִיאַכְטֶעט גִיוֶועזִין צוּא בַּאצָאלִין פַאר זַיין חכמה אונ פַאר זַיינֶע שְׁטַארְקֶע הַארְץ וָואס דֶער עֶווִיגֶער הָאט אִים גִיגֶעבִּין פִיל טֶענ אונ פִיל וָואכִין הָאבּ אִיךְ דֶעם נחת גִיהַאט מִיט אִים צוּא רֵיידִין אונ קֵיין שְׁלֶעכְטֶע מִינֶע בִּין אִיךְ פוּן אִים עֶרְפַאהְרִין אונ אַלֶע זַיינֶע מעשׂים וָוארִין אַלְס בצדק וביושר.

וִויא דִיא שׂרי ענגלאנד הָאבִּין גִיהֶערְט אַז נאפאלעאן הָאט אָן גִהויבִּין צוּא קְרֶענְקִין אַזויא אִיז צֵייטוּנְגֶען גִישְׁרִיבִּין גִיוָוארִין הֱיוֹת וָואס נאפאלעאן אִיז קְרַאנְק אִיז נִיט מחמת זַיין זִיצִין נָאר עֶר הָאט אֵיין פֶּעלֶער פוּן לֶענְגְסְט אָן וָוארוּם בַּייא דִיא שְׁטְרֵייט וָואס עֶר הָאט גִיפִירְט בַּייא וואטערלא אִיז עֶר שׁוֹין דֶעמָאלְס אויךְ קְרַאנְק גִיוֶועזִין אונ וַוייל עֶר אִיז דֶעמָאלְס אוֹיף דֶעם נֶעמְלִיכֶען פֶּעלֶער קְרַאנְק גִיוֶועזִין דֶערִיבֶּער הָאט עֶר דֶעמָאלְס אָן גִיוָוארִין דִיא מלחמה. אונ דֶער אֱמֶת אִיז דֶער לוּפְט פוּן אינזיל וַואר נִיט גוּט אונ דֶער צוּא פְלֶעגְט עֶר נָאךְ קֵיין פְרַייהַייט הָאבִּין צוּם שְׁפַּאצִירִין גֶעהְן דָאס הָאט אִים פַארוּרְזַאכְט אֵיין שְׁווֶערֶע קְרֶענְק. אֶפְשַׁר וֶועט אִיהְר לֶעזֶערְס פְרֶעגִין וֶוען אויבּ

דֶער לוּפְט פוּן אינזיל וַואר שְׁלֶעכְט פַאר וָואס זֶענִין פוּן זַיינֶע מֶענְשִׁין דָארְט נִיט גִישְׁטָארְבִּין אָדֶער גִיקְרֶענְקְט מִסְתָּמָא זֶענִין ענגלענדער טַאקִי גִירֶעכְט וָואס זֵייא הָאבִּין. גִיזָאגְט אַז עֶר הָאט גִיהַאט אַפָּאפְּלֶעקְסִיֶע פֶעלֶער.

נוּן דַארוּיף דַארְפְט אִיר אוֹיךְ אֵיין תֶּרֶץ וִויסִין זַייְנֶע שׁרים זֶענִין דָאךְ מִיט זֵייעֶר גוּטִין ווִילִין גִיקוּמִין מִיט אִים אוּנ זֵייא הָאבִּין דָאךְ פְרֵייהַייט גִיהַאט צוּא גֵיין וִויא זֵייא וִילִין וִוידֶער דֶעם נחת וָואס זֵייא הָאבִּין זִיךְ גִיהַאלְטִין אַז זֵייא זֶענִין טַאקֶע לַאנְג מִיט זֵייעֶר קייזער צוּא זַאמֶען דָאס גוּפָה הָאט זֵייא גִישְׁטַארְקְט.

אָבֶּער נאפאלעאן אִיז דָאךְ דָא גִיקוּמֶען אֵלִם תפוס גִיזֶעצְט אוּנ שׁומרים הָאבִּין אִיהם גִיהִיט אִינ אִין דֶעם שְׁטֶעטִיל לאנגוואר וַואר דֶער לוּפְט עֶרְגֶער וִויא אוֹיפִין גַאנְצִין אינזיל 7 הרשים הָאט זַיין וָואהְן שְׁטוּב גִיפֵייכְט פוּן דִיא וֶוענְט גִינֶעצְט וַואסֶער 3 חרשים אִין דִיא הִיטְצִין פְּלֶעגְט זַיין דֶער שְׁלֶעכְטֶער דַאמְפְּף וָואס דִיא הִיץ פְלֶעגְט אַרוּיס שְׁלָאגִין פוּן דִיא פֶּעךְ פוּן דִיא קְלֶעצֶער פוּן זַיין הויז נוּן וֶוען עֶר וָואלְט אפילו גִיוֶועזִין שְׁטַארְק וִויא אֵייזִין הָאט עֶר אוֹיךְ נִיט גִיקֶענְט אויסהַאלְטִין אוּנ דִיא אַרְטִיקְלִין הָאט זַיין לֶעבִּין פַאר זַיין צַייט אַוֶועק גִינוּמֶען.

נָאךְ אֵיין גִישִׁיכְטֶע פוּן זַיינֶע צָרוֹת וֶועט אִיהְר לִיבֶּע לֶעזֶערְס הֶערִין דָאס וֵוייסְט אִיר שׁוֹין דִיא פָארִיגֶע רֵייד אַז גראף לאזקאז וַואר מִיט נאפאלעאן אויפִין אינזיל אוּנ דִיא אהבה צְווִישֶׁען זֵייא אִיז גִיוֶועזִין אָן אַשִׁיעוּר זֵייעֶר לֶעבִּין וָואלְטִין זֵייא גִיגֶעבִּין אֵיינֶער פַאר דֶעם אַנְדֶערִין וִויא הודזאן לאווע הָאט זִיךְ דֶערְוואוּסְט אַלְזוֹי הָט עֶר אִים אָפּ גִישַׁאפְט פוּן דֶעם אינזיל אוּנ הָאט אִים אָבּ גִישִׁיקְט קֵיין פאריז אוּנ עֶר הָאט אִים נִיט גִילָאסְט אַז עֶר זָאל זִיךְ גִיזֶעגֶענִין אוּנ זִיךְ קוּשִׁין מִיט נאפאלעאן פַאר זַיין אָבְשֵׁיידִין דָאס הָאט נאפאלעאן גִישְׁטָאכִין וִויא שְׁפִּיזִין בֶּעמְרַאכְטֶעט דֶעם חטא וָואס הודזאן לאווע הָאט אוֹיף אִים גִיפוּנֶען וֶועט אִיהְר לַאכִין אוּנ אִיהְר וֶועט פַארְשְׁטֵיין אַז דָאס אִיז גִיוֶועזִין נָאר צוּא קְרֶענְקִין נאפאלעאן דֶער קְנֶעכְט פוּן גראף לאסקאז הָאט גִירֵייזְט נָאךְ ענגלאנד אַלְזוֹיא הָאט דֶער גראף לאסקאז גִישְׁרִיבִּין אֵיין בְּרִיף צוּא נאפאלעאנס ברודער לוציאן באנעפארטע אוּנ עֶר הָאט דֶעם בְּרִיף אַיין גִינֵייט אוּנ זַיין רָאק אוּנ הודזאן לאווע הָאט עֶס בַּייא אִים גִיפוּנֶען דְרוּם הָאט עֶר אִים אַרוּיס גִיטְרִיבֶּען פוּן נאפאלעאן.

וִויא ענגלענדער שָׂרִים הָאבִּין גִיהֶערְט אַז אַלֶע שׂרים פוּן אייראפא שְׁרֵייעֶן אוֹיף דִיא אוּמְרֶעכְט וָואס עֶס וֶוערְט גִיטָאן צוּא נאפאלעאן אַלְזוֹיא הָאבִּין זִיךְ צוּא זַאמִין גִיזַאמִילְט דִיא שׂרים וָואס וֶוערְט אָן

גִירוּפִין

גירופֿין פארלאמענט אונ מֶען זָאל קְלֶערִין דִיא אונְרֶעכְט אונ אויב עֶס אִיז אונְרֶעכְט בַּארְף מֶען עֶס נִיט טָאהְן ·

אַלְזוויא הָאט זִיךְ פָארְגִישְׁטֶעלְט דֶער שׂרָרה לארד האלאנד אונ הָאט בֶּעקַאנְט גִימַאכְט דִיא צרות וָואס עֶס וֶוערְט צוא אִים גִיטָאהְן אונ מֶען הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט מִיט תּרוצים אָן אֵיין טעם אונ וִויא עֶר הָאט גִיזֶעהְן אַז מֶען אִיז אִים מרדה הָאט עֶר אויף גִיהֶערְט צוא רֵיידִין אונ דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג אִיז צוא גַאנְגִין ·

## דיא קרענק פון נאפאלעאן

אונ דִיא צַייט וָואס נאפאלעאן אִיז קְרַאנְק גִיוֶועזִין הָאט דֶער הורזאן לאווע בֶּעפוילִין צום דָאקְטֶער אַז יֶעדֶער טָאג זָאל עֶר מודִיעַ זַיין דֶעם אִינְהַאלְט אונ וִויא נאפאלעאן הָאט גִיזֶעהְן אַז עֶר שְׁרֵייבְּט מִיט דֶעם נָאמֶען יענעראל באנעפּארטע הָאט עֶר אויף אִים גִיצָארִינְט אונ עֶר שְׁפְּרָאךְ דוא דָאקְטֶער דַארְפְסְט שְׁרֵייבִּין אויף מִיר מִיט דֶעם טִיטֶעל קֵייזֶער דֶער דָאקְטֶער הָאט זִיךְ גִיבִּיקְט אונ זָאגְט אִיךְ בִּין פַאר בָּאטִין דֶעם טִיטֶעל נִיט צוא שְׁרֵייבִּין זָאנְסְט וֶועל אִיךְ אוּנ׳ פֶעסְטוּנְג גִיזֶעצְט וֶוערִין אַלְזוויא הָאט נאפאלעאן אִים נִיט גִילָאסְט מֶעהְר מודִיעַ זַיין זַיין אִינְהַאלְט אונ שְׁפְּרָאךְ וֶוען דֶער אכזר וִויל נִיט הָאבִּין מַיין שָׁלוֹם דֶען דַארְף עֶר אויךְ נִיט וִויסִין פוּן מַיין קְרֶענְק · אונ וַוייל דֶער דָאקְטֶער הָאט גִיקֶענְט בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערִין אַזויא הָאט עֶר בַּייא אִים גִיפּויֶעלְט אַז עֶר זָאל שְׁרֵייבִּין מִיט דֶעם וָוארְט · דער קראנקער ·

עֶנְדֶע יָאהְר 1818 הָאט עֶר אָן גִיהויבִּין צוא קְרֶענְקִין אונ דֶער דָאקְטֶער הָאט אִים עֶנְדֶעקְט אַז צוא זַיין קְרֶענְק אִיז קֵין אַנְדֶערֶע רפואה נִיט דָא נָאר אַז עֶר זָאל זִיךְ שְׁטַארְק בֶּעוֶועגִין היינו רֵייטִין פָאהְרִין עֶנְטְוֶועדֶער גֵיין אָבֶּער נאפאלעאן הָאט גִיזָאגְט עֶר וֶועט בֶּעסֶער שְׁטַארְבִּין אֵיידֶער עֶר זָאל גֵיין אונ דִיא ענגלענדער חיל זָאלִין אִים נָאךְ גֵיין צוא הִיטֶען · אונ קֵיין רפואה הָאט עֶר נִיט גִיוָואלְט נֶעמֶען דֶען עֶר הָאט גִיזָאגְט אַז גָאט וִויל עֶר זָאל שְׁטַארְבִּין דֶען וֶועט קֵיין רפואה נִיט הֶעלְפִין אונ אויב עֶס אִיז נִיט בֶּעשֶׁערְט צוא שְׁטַארְבִּין דֶען וֶועט עֶר אָן רפואות גיזונְט וֶוערִין ·

וִויא דֶער דָאקְטֶער הָאט גִיזֶעהְן אַז זַיין קְרֶענְק שְׁטַארְקְט זִיךְ אִימֶער אזויא אִיז עֶר אַוֶועק צוא הורזאן לאוע אונ אִיז גִיפַאלִין פִיר זַיינֶע פִיס אַז עֶר זָאל לָאזִין נאפאלעאן שְׁפַּאצִירִין פָאהְרִין אָן שומרים אִין אַז עָר וֶועט אויף זַיין שְׁטֶעקֶעלֶע גֵיין אויפִין גַאס זָאלִין דִיא ענגלענדער חַיִל אִים נִיט רופִין יענעראל באנעפּארטע וָוארום דָאס שַׁאט אִים

צוא זיין גזונד ווייל ער ערגערט זיך זייער דערפאן .

אלזויא האט הודזאן לאווע זיין ברייט טויל אויף אים גיעפינט מיט דיא ווערטע . איך דוא ביסט שוין גיוואָרין זיין גוטער פריינט . איך קען גאר ניט קלוג ווערין אויף דעם איינהאלט אז ווער עס קאמט אונ זיין הויז . אזויא ווערט ער וואר וויא אן גיקלעפט אן אים זיך שווער בייא מיין לעבין אז נאפאלעאן איז גיבארין גיווארין איין שד אונ דעם גישטאלט פון אמענשין אונ דרום האט ער אונ זיך אזויא אכח אלע מענשין צוא זיך צוא ציען נור מיר קען ער ניט אריין קריגין אונ זיין געץ מיט זיינע שמייכעלדיקע רייד . אונ אלזויא איז ער גיוואָרין אונ כעס אונ האט דעם דאקטער אוועק גישיקט קיין לאנדין אונ איין גאנצין יאהר איז דער קייזער גיוועזין אן אדאקטער .

דעם 1 טען מארץ 1821 האט ער זיך גילייגט צום שטארבין מער איז ער שוין פון זיין בעט ניט אראפ גיגאנגין .

ויהי היום האט אים גיטרוימט איין טרוים אונ זיין ערשטע פרויא יאזעפינא שטייט פאר זיין בעט זיא איז גישטארבין דעם 30 מאיי 1814 אונ זיא איז גיקליידעט בגדי מלכות אונ זיא שפראך מיין הערר אונ צייט 30 טאג וירסטו מיט מיר זיצען אונ זיך פרייען גלייך ווי דו ביסט גיוועזין פארגניגט אז איך בין גיוועזין דיין פרוי קייזערין . ווי ער האט זיך נאר אויף גיוואכט האט ער דאס דערציילט זיינע יענעראלין אונ שפראך נון וויים איך גיווים אז אין ווענעגע טעג וועל איך שטארבין אונ קיין רפואה זאל מער שוין מיר ניט געבין . אך פיר דעם טויט האב איך קיין פורכט דען אונ מיין גרעסטע הצלחה האב איך אויך יעדע אויגענבליק גיטראכט אן טויט ווייל איך האב פיל מאהל גיזעהן דעם טויט פאר מיינע אויגין נור די איינע זאך וואלט איך גערין צו זעהן מיין יונגע פרוי אונ כיין זאהן זיך צו גיזעגענען אונ צוואה לאזין מיין זאהן אז ער זאל טאן זיינע ווערק אונ זיין לעבין צדק וביושר ווי איך האב מיך גיפירט .

דען 15 טען אפריל 1821 הט ער זיין צוואה גישריבען מיט דעם לשון .

נאפאלעאן לאנגוואר גיוועזענער קייזער צרפת וואס אין תפוס גיזעצט אויף דעם אינזיל סאנט העלענא איך שרייב דיא צוואה אונ מען זאל עס ניט משנה זיין איך שטארב בייא דיא אמונה נוצרי וויא איך בין גיבארין גיוואָרין אונ מען זאל מיך באגראבין ביים ברעג טייך זעהן אין לאנד צרפת ווייל איך האב דיא לאנד אין מיין לעבין גיליבט דרום וויל איך דארטין ליגען נאך מיין טויט .

מיין ווייב מאריע לואיזע בעט איך אז זיא זאל גוט אכטונג

געבּין אויף מיין איינציגען זאהן אז ער זאל ניט פאלין אונ האנד פון מיינע שונאים וואס זייא ווילין זעהן זיין בלוט. אונ דיר מיין איינציגער זאהן בעט איך אז דוא זאלסט אויף צרפת קיין מאל מלחמה האלטין אונ קיין איינציגען מאן פון צרפת שלעכטץ צו טאן אונ מיינע רייד זאל בייא דיר היילינ זיין וואראם איך גיב דיר איין עצה טובה וויא איין גוטער פאטער גיב איך דיר דיא עצה.

מיין גרויס פארמעגין גיב איך אויף צרפת אוועק. איך שטארב פאר דיא צייט אלע שררים פון צרפת וואס האבין אן מיר גיזינדיגט אונ גיפעלשט אונ זייא האבין זיך צום שונא איבער גיענטפערט. בין איך זייא מוחל אונ איך בעט גאנץ צרפת אז זייא זאלין מיר אויך מוחל זיין. מיין אלטע מוטער אונ מיינע ברידער אונ שוועסטער אונ פאמיליע דאנק איך זייער וואס זייא קלאגין אויף מיין צער.

וואס איך האב גילאסט שיסען פרינץ ענגהין האב איך קיין חרטה וואראם איך האב אים גיריכטעט בצדק וביושר ווארום ער האט מיך גיוואלט טייטין האב איך על פי רעכט אים גידארפט טייטין. ווארום ער איז גיוועזין גידונגען אז ער זאל מיך טייטין אונ כל זמן ער האט גילעבט איז דער טויט פאר מיינע אויגין גישטאנין.

פיר מיין ליבען זאהן גיב איך צוא ירושה מיינע גילדענע אונ זילבערנע כלים. אונ מיין בעטיל אונ מיינע כלי מלחמה. מיט מיינע האר זאלין זיך צוטהיילין מיין ווייב אונ מיין מוטער מיינע ברידער מיינע שוועסטערס אונ מיין פעטער פעש אונ אזויא האט ער דייטליך גישריבען זיין גרויס פארמעגין צוטהיילין יעדען נאך זיין כבוד אונ פיר דיא אלמנות וואס זייערע מאנען זענין אין מיינע מלחמות גיהרגעט גיווארין פיר יעדערע האט ער איביגע געלט גילאסט פון זיין פארמעגין.

דען 2 טען מאיי האט ער זיך עטוואס גישטארקט אונ האט זיך גיזעצט אויפין בעטיל אונ האט זיך פון אנדער גיזיינט אונ שפראך איך וועל קורצליך שטארבין דען וועט איהר יעדער קיין צרפת פאהרין יעדער וועט גיפינען זיין פאמיליע זיינע גוטע פריינד. אבער וואס וועל איך גיפינען. אונטין ווערים אונ אויבין ווערים אבער איהר דארפסט וויסין אז דער פון קען קיין מענש ניט ניצול ווערין איך בעט אייך מיינע שררים קיין שלעכטער גידאנקין זאל בייא אייך ניט קומען כדי פאליש צוא משפטן בשעת מלחמת איטאליא האט מען מיר גיבראכט צוא מתנה פיר מיליאן רענדליך אונ גאלד אונ צו יענער צייט האב איך אפילו גידארפט געלט נייטיג אונ איך האב עס דאך ניט גיוואלט נעמין צוא פארקויפין מיין לייב אונ זעלע פאר געלט אויף אלע מיינע מעשים וואס איך האב גיטאן אונ מיין לעבין האב

איך קיין חרטה וואָרום אַלעס אין דער צייט איז גימאַן געוואָרין איז דאָס בצדק ובמשפט פערצייהעט מיר מיינע העררין · פערצייהעט מיר ווען איהר מיינט אַז איך האָב קעגין אייך גיזינדיגט אונ אויף מיין טויט דאַרפט איהר קיין נקמה זעהן וואָרום יעדער מוס שטאַרבין ·

דיא נאַכט וואָס גיהער צום 4 טען מאיי איז גיוועזין גרויס רעגין אונ דונערין אונ בליצין אַז בוימין האָט עס אוס גיקערט אונ צוא דיא צייט האָט שוין נאפאלעאן גירעט רייד אָן שכל אונ אַלע האָבין גיזעהן אַז ער וועט קורצליך שטאַרבין אונ דער גרויסאַמער וועטער וויזט אַז ער וועט שוין פון דיא וועלט אַוועק גינומען ווערין · דען 5 מאיי גאַנץ פריא אין יאָהר 1821 האָט ער דאָס לעצטע וואָרט אויסגירעט מיין גארדע אונ מעהר האָט ער שוין ניט גירעט אונ ניט גיזעהן אונ האָט זיך מיט דעם טויט גיפעכט ביז אָבינד אונ רעכט פינסטער ווען דער שאָטען האָט אָב גיטרעטין אַזויא איז זיין נשמה פון אים גישיידעט געוואָרין ·

זיינע שרים האָבין איין גרויס טרויעריקייט אויף אים גימאַכט אונ דער דאָקטער האָט אים גיפאַלמעסט האָטשי ער האָט פאַר זיין טויט גיבעטין אַז זיין האַרץ זאָל מען פעקטיגען מיט בשמים אונ אַוועק שיקען צוא זיין ווייב אונ זאָהן · אָבער דער הורזאן לאווע האָט ניט גילאָזט אויך האָט ער ניט גילאָזט אים באַגראָבין אונ דעם שטעל וויא ער האָט גיבעטין אונ פריינקרייך נאָר ער האָט גיענטפערט דאָ איז ער גיזעסין תפוס דען דאַרף ער דאָ באַגראָבין ווערין אונ מען האָט אים גילייגט אונ איין בלעכענען ארון אין דעם ארון האָט מען ווידער אין איין הילצערנעם ארון גילייגט אונ זיין האַרץ האָט מען גילייגט אין איין פלאַש אונ אין דיא פלאַש האָט מען אַריין גיגאָסין קוועק זילבער דיא פלאַש פון איין זייט אין זיין שווערד אונ היטעל בייא דיא אַנדערע זייט אויך זיינע אָרדעין אונ מטבעות וואָס ער האָט גילאָסט מינצין איז אים גילייגט געוואָרין בייא זיין האַנד אונ צוא גידעקט איז ער געוואָרין מיט דיא קלייד וואָס ער האָט זיך צוא גידעקט בייא דיא מלחמה מארעננע אונ זיין בעגרעבנים כבוד איז נור גיוועזין וויא עס צוא קאָמט פיר איין ער החיל גענעראל אין זיין קבר האַט בייא דעם קוואַל וואַסער וויא ער בלעגט אָפטליך זיצין ביים שיינעס וועטער איין מצבה מיט דעם מיטעל קייזער האָט הורזאן לאווע ניט גילאָזט שטעלין אויף זיין קבר אָבער דיא שרים האָבין גיזאָגט דאַרין ביסטו גירעכט וואָרום פיר אַזויא איין מענשין וואָס דיא גאַנצע וועלט איז פיל מיט זיינע ווינדער פאַסט נאָר ניט אַז איין שטיינערנע מצבה זאָל זיין זיינע גיזעכעניש זיינע מעשים בלייבט לזכרון

כ"ז דיא וועלט וועט שטיין אונ דיא שדרים וועלכע וואַרין מיט קייזר נאפאלעאן אויפין אינזעל ווענין צוא פאהרען יעדער נאך זיין שטעל.

ענדע פון נאפאלעאן קייזער צרפת.

כ"ח וועלין מיר עטוואס ערצעהלין פון זיין איינציגען זוהנכען.

דיא קייזערין מאריע לאיזע מיט איהר יונגען זוהנכין וואַרין ביים קייזער עסטרייך אונ דער קייזער פראנץ זיין גרויספאטער האט אים ליב געהאט וויא זיין לעבין אונ שטאט דעם נאמען וואס נאפאלעאן האט אים גיגעבין מלך רומי האט זיין זיידע אים גיוועקסילט אויף דעם נאמען הערצאג רייכשטאדט אונ דעם קינדס סטאנציע איז גיוועזין אין דיא סטאנציע וויא קייזער פראנץ זעלבסט פלעגט זיצין ווארום ער פלעגט זאגין ווען איך גיב אכטונג אויף דיין קלוגין שפיל וואס דוא שפילסט דיך אונ איך הער דיינע קלוגע רייד דאס שטארקט מיין עלטער אונ עס גיבט מיר קראפט צוא ריכטען מיין פאלק.

איין מאהל איז דאס קינד אריין גיקומען צוא זיין גרויספאטער מיט איין טרויעריקען פנים. אונ זיין קאפף האט ער גילייגט אויף דעם קייזערס קניא אונ שפראך בשעת איך בין גיוועזין ביא מיין פאטער אין פאריז פלעגנין מיך דיא גרעסטע שראעשע קינדער באדינען אונ זייא פלעגין זיך שעצין צוא איין כבוד אז איך האב מיט זייא גירעט אונ יעצט איז גאנץ אנדערש.

איך פרעג וואס האט גיהאט צוא בעדייטען דער נאמען קיניג פון רוים וואס מען פלעגט מיך מיט דעם נאמען רופען.

אלזויא האט דער קייזער גיענטפערט מיין ליב קינד איך זאל עס דיר דיזעס באשיידין ווערסטו נאך ניט פארשטיין דען דוא ביסט נאך קליין דיין שכל וועט עס נאך ניט בעגרייפען צוא פארשטיין אז דוא וועסט גרעסער ווערין דען וועסטו שוין זעלבסט פארשטיין וואס דער נאמען האט גיהאט צוא בעדייטען. אבער איך וויל עס באלד וויסען זאגט דאס קליינע קינד אלזויא ציינט אים דער קייזער זיינע טיטלין וואס ער ווערט זעלבסט גירופין שטייט דער טיטיל קיניג פון ירושלים נון זאג מיין קינד בין איך קעניג אין ירושלים גיין ענטפערט דער קינד איהר זייט קייזער עסטרייך אלעיא זאגט דער קייזער מיט צוא בראכענען גימיט אזויא וויא איך האב נאר דעם טיטעל זעלבסט קיניג פון ירושלים. אונ באמת בין איך דארט קיין קיניג אזויא אויך וואר דיין נאמין קיניג פון רומי בלויס איין טיטעל אבער נימאלס וואַרסטו דוא דארט קיניג. צוא דיזען אנטווארט איז דאס קינד אוועק גיגאנגען פון קייזער מיט אטרויעריקען גימיט אונ קייזער פראנץ האט גיוויינט.

גיווייזט פון שמחה צוא זעהן דיא חכמה פון אזויא איין קליינען קינד אונ דעם גאנצין טאג איז דאס קינד ארום גיגאנגען אין טרויעריקין געמיט ווייל דער ענטפער איז אים ניט גיפעלין גיוועזין פאר אמת.

קיין אנדער שפיל פלעגט ער ניט ליבין נאר דעם איינעם מאן האט גימאכט פון זיינט וועגין גיפסטעגע מענשין גיקליידעט פיר אנשי חיל פון אלע מינים אונ דאמיט פלעגט ער טאקע לאנג פאר ברענגין ווארהליך צוא עסין פלעגט מען אים ניט קענין צוא דער צייט ברענגין אונ זיין ווארט פלעגט אימער זיין איך וועל גרויס ווערין אונ וועל זיין איין שר החיל דאן וועל איך רעכענען מיין פאטערס בלוט פון זיינע שונאים אונ איך וועל פון זייא קיין זכרון לאזען.

קייזער פראנץ האט גישיקט איין מעלער וועגין אב צוא מאלין דעם פאטרעט פון דיזען קינד אזויא איז דער מעלער באלד גיקומען אין דיא סטאנציע פון דעם קינד וויא ער שפילט זיך דער מאן זעהט דעם גישטאלט פון קאזאקען דאן פרעגט דער מעלער צוא דעם יונגען פרינץ האסטו ווען גיזעהן לעבעדיגע קאזאקען. יוא קאזאקען האבין מיינע גוטע מוטער אונ מיך געפירט פון פאריז קיין ווין דער מאן זאגט זייטער דיינע קאזאקען גייען אן פעלצין אונ יעצט איז דאך ווינטער זייא וועלין דאך פארפרירען דאס קינד ענטפערט דיא קאזאקען זענין גיבארין אין איין קאלטע מדינה דען איז זייער נאטור שטארק אונ זייא פירכטין זיך ניט פאר קעלט. אונ צווישען דיא אנטווארטין וואס ער האט דעם גיענטפערט מיט דעם גרעסטען שכל דאן האבין אלע גיזאגט אז דאס קינד וועט נאך פיל איבער שטייגען אין חכמה אונ גבורה מעהר וויא זיין פאטער אונ ער וועט מרעיש עולם זיין אונ אין זיינע צייטען וועט קיין שלום זיין וויא אין זיין פאטערס צייטין איז קיין שלום גיוועזין.

(ויהי היום) עס וואהר איין (משתה ושמחה) אין הויף פון קייזער. אונ אלע שרי מלוכה זענין צוא זאמען גיקאמין אין בוימגארטען בחצר המלך אונ דער קייזער אונ דיא קייזערין ווארין דארט איך דער קליינער פרינץ וואר צווישען דיא פארזאמלונג אונ האט גיקליבען שיינע בלומין אין גארטען וויא דער שטייגער פון אלע קליינע קינדער.

דיא קייזערין האט אים צוא גירופין אונ זאגט זעט דיך לעבין מיך מיין ליב קינד דאס קינד איז אן געצונדען גיווארין זייא פייער אונ רויט גיווארין פון חרפה אונ ער האט גיענטפערט פאר אזויא איין קינד וויא איך בין וואס מיינע גידאנקען איז צוא זיין איין גבור מלחמה אונ דעם פאטערס שונאים טויט צוא שלאגין פאסט ניט אז איך זאל זיצין לעבין פרויען אונ איז מיט צארין פון דיא שררות

אַנְטְלָאפִֿין אַקיצור. קיין שְׁטוּנְד פְלֶעגְט נִיט פַארְבַּייא גֵיין וָואס עֶר הָאט נִיט דֶער מַאנְט צוּא טָאן אַנְקָמָה פַאר זַיין פַאטֶערְס בְּלוּט.

אִין וִויא עֶר אִיז בִּיסְלֶעךְ וַואס עֶרְוַואקְסִין גִיוָוארִין הָאט מֶען עֶרְקֶענְט זַיין נַאטוּר וִויא שְׁטַארֶקְט זִיא אִיז בְּשַׁעַת עֶר אִיז קְרַאנְק גִיוֶועזִין הָאט עֶר קֵיין רפואה נִיט גִינוּמֶען אַזוֹיא וִויא זַיין פָאטֶער הָאט צֵייט זַיין לֶעבִּין קֵיין רפואה גִינוּמֶען אוּנ קֵיין מֶענְש הָאט אִים גִיקֶענְט אִיבֶּער רֵיידִין רפואות צוּא נֶעמֶען.

דֶער דָאקְטֶער הָאט גִיהֵייסִין אַז מֶען זָאל אִים לֵייגִין אוּנ גָארְטִין אִים צוּא שֶׁעפֶּען פְרִישֶׁען לוּפְט דַאן הָאבִּין דִיא קְנֶעכְט אִים גִיוָואלְט הִין טְרָאגִין אַלְזוֹיא הָאט עֶר גִיעֶנְטְפֶערְט נִיכְט פָאר מִיר פַּאסְט צוּא טְרָאגִין וִויא לַאנְג מַיין קְרַאפְּט אִיז אוּנ מִיר דַארְף אִיךְ גֵיין אֵיין זֵייגֶעדִיקֶען קִינְד טְרָאגְט מֶען אָבֶּער נִיט אבן חיל וִויא אִיךְ בִּין. אוּנ עֶר אִיז גִישְׁטָארְבֶּען אִין וִוין אוּנ פאריז הָאבִּין אוֹיף אִים פִּיל גִיטְרוֹיעֶרְט פאריז הָאט גִיהָאפְט דֶער קִינְד זָאל עֶרְוַואקְסִין וֶוערִין אוּנ אִים צוּא קְרֵיינֶען פַאר קֵייזֶער צרפת וִויא זֵייא הָאבִּין גִישְׁוָוארִין צוּא זַיין פָאטֶער אוּנ דוּרְךְ זַיין חכמה צוּא טָאן אַנְקָמָה אִין זֵייעֶרֶע שׂוֹנְאִים אָבֶּער זֵייעֶר מחשבה בְּלַייבּ פְרוּכְטְלָאז ואיננו עֶר אִיז מֶער נִיט דָא אוֹיף דִיא וֶועלְט.

וִויא מֶען הָאט גִיבְּרַאכְט דֶעם טוֹיטִין קֶערְפֶּער נאפּאלטאן קֵיין פאריז.

צוואנציג יָאהְר פֶערְשְׁטְרִיכֶען וִויא נאפּאלעאן אִיז גִישְׁטָארְבִּין אִיז פִיל גִיבִּיטֶענְע צֵייטִין אוֹיף פראנקרייךְ אִיבֶּער גִיגַאנְגִין אוּנ דִיא מלוכה פוּן משפחה בּורבּאן הָאט נִיט אוֹיסְגִיהַאלְטִין דֶען צרפת הָאט דִיא משפחה נִיט גִילִיטֶען נָאךְ וִויא קיניג לודוויג אִיז גִיוָוארִין קיניג פוּן משפחה ארעלעאנס אִין דִיזֶער הָאט אוֹיךְ נִיט לַאנְג גִיוֶועלְטִיגְט אוֹיפִין שְׁטוּל פוּן מלוכה אִין וֶועלְכֶע מִיטְלֶען קיניג לודוויג פיהליפּ הָאט אָן גֶעווֶענְדֶעט אוֹיס צוּא רֵיידִין פוּן צרפת דִיא לִיבֶּע פוּן נאפּאלעאן הָאט אִים אַלֶס נִיט גִיגְלִיקְט אוּנ בְּלָאס דָאס אֵיין וָוארְט וֶוערְט גִיהֶערְט אֵין פראנקרייךְ. נאפּאלעאן. נאפּאלעאן. וִויא גֶעמְט מֶען אִים אָדֶער זַיין זָאהְן מִיר וָואלְטִין זַיינֶע פִיס וַואשִׁין אוּנ דִיא וַואסֶער טְרוּנְקִין דֶער לוּדְוִויג וַואר אָבֶּער אוֹיךְ נִיט קֵיין נַאר זָא אִיז אִים אִין גִידַאנְקִין אֵיין גִיפַאלִין דֶעם קֶערְפֶּער פוּן נאפּאלעאן נָאךְ פאריז צוּא בְּרֶענְגִין מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד בַּאמִיט צוּא שְׁטִילֶען דֶעם גִישְׁרֵייא פוּן צרפת.

אִין עֶס גִישָׂאה דֶען 1 טען מאיי 1840 הָאט דֶער קיניג לודוויג פיהליפּ בֶּעפֶעלְט צוּם פרינץ יאאנוויל צוּא זֶעצֶען זִיךְ צוּם שִׁיף פָאהְרִין אִים צוּא בְּרֶענְגִין דֶעם קֶערְפֶּער פוּן נאפּאלעאן קֵיין פאריז אֵיין מיליאן פְרַאנְק אִיז אִים גִינֶעבִּין גִיוָוארִין צוּא דֶער הוצאה אוּנ דֶער פרינץ הָאט מִיט גִינוּמֶען פִיל שָׂרִים אוּנ נאפּאלעאנס אַלְטֶע 5 קְנֶעכְט וָואס זֵייא

הָאבִּין

האבין אים ביא זיין לעבין באדינט דען 8 אקטאבער 1840 זענין זייא גיקומען קיין סאנט העלענא אין דעם 11 אקטאבער האבין זייא זיין גראב אויפגימאכט זייא האבין דיא ארונות איינער פון אנדערין ארויס גינומען אין נאכהער אבגידעקט דעם שיינעם צוא דעק וואס ער איז גיוועזין צוא גידעקט אזויא האט זיין קערפער הערויס גישיינט וואר וויא לעבעדיג 20 יאהר וויא ער איז גישטארבין אין דעכט וועגין איז זיין גישטאלט ניט פארענדעט גיווארין נאר ער האט אוים גיוויזין גלייך וויא געסטערען באגראבין גיווארין אויך זיינע קליידער אין זיינע תכשיטין דיא ארדערס איז ניט פארענדערט גיווארין.

אין וויא מען האט זיין קערפער אבגידעקט אזויא האבין זיך אלע שרים גישטעלט אן האלטין אין האבין זיך גיקניט וויא פאר איין לעבעדיגען קייזער אין איין גייסטליכער האט אויף אים גיגאסין ריינע וואסער אין האט גיבעטין צוא גאט פון זיינעט וועגין נאכהער איז ער צוא גידעקט גיווארין אין דער ארון איז גילייגט גיווארין אין איין בלייענען ארון וואס זייא האבין מיט גיבראכט פון פאריז. אונ דער ארון איז ווידער גילייגט גיווארין אין איין הילצערנען ארון אריין וואס דיא האלץ איז זייער טייער נאך מעהר וויא זילבער אונ ער איז געפירט גיווארין מיט גרוים פאראד. צוא פאר זענען גיגאנגען ענגלישע חיל מיט זייערע עלסטע נאך דיא טייל איז גיגאנגען צווייא גייסטליכע וואס האבין גיזינגען אין דער נאך איז גיפאהרין דער וואגין וואס זיין ארון איז גיפירט גיווארין. אונ פראנצעזישע חיל פון לינקס אונ רעכטס אונ שרי צרפת האבין מיט זייער קאפף אונטער גיהאלטין דעם צוא דעק וואס דער ארון איז גיוועזין צוא גידעקט אונ הונטער דעם ארון זענין גיגאנגען פיל שרי צרפת אונ ענגלאנד אויך דער גובערנער פון אינזיל אונ אלע געערטע לייטע פון אינזיל אין יעדערער איז גיוועזין גיקליידעט אונ טרויער קליידער אונ דיא זעלנער וואס זענין אין פעסטונג ביא דיא קאנאנען גישטאנין האבין נאך אנאנדער גישאסין פון כבוד וועגין ביז זייא זענין גיקומען צוא זייער שיף אונ דיא וועג וויא זייא זענין גיגאנגען האט מען גישיט מיט בשמים פון ריח וועגין אונ וויא מען האט דעם א״ן אריין גישטעלט אין שיף האט מען 1000 מאהל מיט דיא הארמאטין אויסגישאסין וועגין כבוד צוא ערצייליז איך לעזערס דיא שוינקייט פון דעם ארט וויא מען האט אין שיף גישטעלט דעם ארון איז צוא פיל מיהע צוא שרייבען נאר איהר זאלט איך זעלבסט פארשטעלין אז דאס איז איינערסט שיין גיוועזין מיט גאלד אין דימאנטין גיפיצט דען 14 טען דעצעמבער זענין זייא גיקומען צוא דיא שיף וואס מען האט גיבויעט לכבוד דעם קייזער נאפאלעאן אים דארין

צוא

צוא בְּרֶענְגִין אונ אִין דִיא שִׁיף אִיז גִיוֶועֶן אֵיין בֶּעוָאנְדֶערֶער פַּאלַאץ דֶעם ארון דָארְטִין צוא שְׁטֶעלִין.

דִיא וֶוענְט פוּן דִיא סְטַאנְצְיֶע אִיז גִיוֶועזִין בּאדֶעקְט מִיט גָאלְד בְּלֶעך אונ אַלֶער הַאנְד פִיגוּרִין אִיז דַארוֹיף גִיוֶועזִין דִיא פָארְהַאנְגֶען וֶואִרִין פוּן בֶּעסְטִין סַאמֶעט אונ אַטְלֶעס פוּן דִיא שֶׁענְסְטֶע פַּארְבִּין אונ אִין אַלֶע פִיר עֶקִין פַּאלַאץ אִיז גִישְׁטַאנֶען גִילְדֶענֶע אָדְלֶערְס אונ אויפִין ארון אִיז גִילֶעגִין אַלֶע דגלים וָואס עֶר הָאט דִיא מלחמות אֵיין גִינוּמֶען אִין אוֹיף זֵייא וַואר אויסְגִיקְרִיצְט גְרוֹיסֶער קֵייזֶער נאפאלעאן אונ בְּלוּמֶען וֶועלְכֶע זֵייא גִיבִּין פוּן זִיךְ אַגִיטִין ריח הָאט ארום גִירִינְגִילְט דֶעם פַּאלַאץ אִין אַרוּם דִיא שִׁיף וַואר אַלֶער בּאנְד שֵׁיינֶע בְּלוּמֶען אִין בְּלִיהוּנְג אִין בֵּיים עֶנְדֶע שִׁיף אִיז גִישְׁטַאנֶען אֵיין גְרוֹיסֶער גִילְדֶערְנֶער אָדְלֶער אונ פַאר דִיא שִׁיף אִיז גִיגַאנְגִין אֵיין דַאמְפְּף שִׁיף וֶועלְכֶע הָאט גִיצוֹיגִין דִיא שִׁיף וָואס דַארִין אִיז גִיוֶועזִין 200 מַאן וָואס הָאבִּין גִיזִינְגֶען לִכְבוֹד קייזער נאפאלעאן.

דֶען 15 טען דעצעמבער פְּרִיא זֶענִין זֵייא גִיקוּמֶען מִיט דִיא שִׁיף בַּיים בְּרִיק נילי אונ אוֹיף דֶעם שְׁטֶעל אִיז אוֹיךְ גִימַאכְט גִיוָוארִין אֵיין שֵׁיינֶער פַּאלַאץ לכבוד הקייזער אונ דָארְט הָאט מֶען אַרוֹיס גִינוּמֶען דֶעם ארון פוּן דִיא שִׁיף אונ מַאן הָאט אִים גִילֵייגְט אוֹיף דֶעם קייזערס בֶּעטִיל וָואס עֶר פְלֶעגְט לֶעבֶּעדִיקֶערְהֵייט דַארוֹיף שְׁלָאפִין 12 מִירְמִילְשְׁטֵיינֶערְנֶע זֵיילִין קוּנְסְט אַרְבֵּייט הָאבִּין דִיא בֶּעטִיל אַרוּם גִירִינְגִילְט אונ אוֹיף זֵייא זֶענִין גִישְׁטַאנִין גִילְדֶענֶע אָדְלֶערְס אונ אַלְבֶּערְבּוֹימִין אונ אָפִּין ארון אִיז גִילֶעגִין קייזער נאפאלעאנס קְרוֹין אונ אֵיין גִילְדֶענֶע רוּט אונ אֵיין גִילְדֶענֶע הַאנְט אָן גִישְׁטֶעקְט מִיט תרשיש דִימַאנְטִין אונ אוֹיף דִיא הַאנְד אִיז גִיוֶוען גִיקְרִיצְט יד הצדק אונ 16 שְׁוַוארְצֶע פֶערְד גִיקְלֵיידֶעט אִין שְׁטִיקֶער גָאלְד זֶענִין גִיוֶועזִין גִישְׁפַּאנְט אונ דֶעם וָואגִין וָואס דַארוֹיף אִיז גִיפִירְט גִיוָוארִין דֶער ארון אוֹיף יֶעדֶער צוא דֶעק אונ דִיא פֶערְד אִיז גִיוֶועןְ גִינוּמֶערִירְט מִיט נאפאלעאנס זִיגֶעל. 16 רֵייטֶער הֶערְלִיךְ גִיקְלֵיידֶעט זֶענִין גִירִיטִין אוֹיף דִיא פֶערְד מִיט מלחמה הִיטְלֶעךְ גִינוּמֶערִירְט מִיט נאפאלעאנס זִיגֶעל אונ 10000 מֶענְשִׁין הָאבִּין דֶעם ארון אַרוּם גִירִינְגִילְט רֶעכְטְס אונ לִינְקְס אונ 2 גְרוֹיסֶע שׂרים זֶענִין פָארִיזִיס גִירִיטִין אונ הָאבִּין גִישְׁרִיעֶן ברוך הבא אונ 21 מָאהְל אִיז גִישָׁאסְן גִיוָוארִין מִיט אַלֶע הַארְמַאטִין וִויפִיל אִין פאריז גִיפִינְט זִיךְ. אונ מִיט אַלֶע גְלָאקִין וָואס עֶס גִיפִינְט זִיךְ אִין פַּארִיזֶער קְלוֹיסְטֶערְס הָאט מֶען גִיקְלוּנְגֶען דִיא מוּיֶערִין הָאט וַואר גִיצִיטֶערְט אונ אַלֶע שׂרי הַחַיִל מִיט זֵייעֶרֶע חיל פוּן פאריז אונ שׂרים הָאבִּין בַּאלֶעגֶערְט דִיא נֵייעֶ קְרָאנַאצְיֶע קייזער נאפאלעאן אונ דֶעם פַּאטְרֶעט פוּן קייזער נאפאלעאן

אִיז

איז פאראויס גיטראגין גיווארין אונ מיט דעם כבוד זענין זייא גיגאנגין ביז דעם ארט וואס רופט זיך אנוואלידען וויא דער ארט איז אויס ערוועלט גיווארין צוא בעהאלטין דארט ביים איינגאנג פון דיזען ארט שטעהט 32 גישטאלטין פון דיא מלכים גיבורים וואס האבין גיקיניגט אונ פאריז אונ תמיד ווערט צווישען זייא ליכט גיברענט דאן האט מען דעם ארון אראפ גינומען פון וואגען אונ מען האט אים דערלאנגט צום פרינץ יאאנוויל דער פרינץ האט עס איבער גיגעבין צום קיניג אונ דער קיניג האט איבער גיגעבין פאר דיא זעהונג דאס גאנצע געמיינדע אונ פיר אלע שרי מלוכה צום מארשאל גובערנער אונ צוא דיא שררים וואס זיצען ביים מלך ביים טיש אונ דער ערצבישאף פון פאריז האט גיבעטין פאר זיין נשמה אונ אלע זינגערס האבין זיך דיא אויגען גיעפינט וויא קוואלין וואסער צום וויינען. 8 טעג איז אזויא דער פאראד פארט גיגאנגין אונ 1000 מענשין פון ווייטע ערטער זענין גיקומען זעהן דעם פאראד דאס איז גיאהרליך אונ פאריז גיוועזין ענג פיר דעם גרויסין איינזאמלונג סוף דיא 8 טעג איז דער ארון גילייגט גיווארין אין הייל וואס עס איז פון זיינט וועגין גימויערט גיווארין צוא איין גידענק צייכין אויף דעם כבוד וואס מען האט גיטאן לכבוד קייזער נאפאלעאן האט מען 2 מטבעות גילאסט מינצין אויף איין מטבע איז גיוועזין דער גישטאלט דער וואגין מיט דעם ארון נאפאלעאנס אונ אויף דער אנדערע מטבע איז גיוועזין דער גישטאלט פון דיא מצבה וואס עס איז גישטעלט גיווארין אויף זיין קבר.

ווירדעט איהר לעזערס פרעגין ווארום האט מען אים ניט באגראבין צווישען מלכים דרום וועל איך אייך מודיע זיין דיא רייד וואס קיניג לודוויג פיהלפ האט גיזאגט פאר דיא גרויסע איינזאמלונג שרי פאריז נאפאלעאן איז גיוועזין איין געאכטעטער קייזער אונ ער האט דיא קסריות גיפירט מיט גרויס גנאד אין רחמנות פאסט גיוויס אז ער זאל ליגען צווישען דיא מלכים נאר איידער ער זאל ליגען מיט חברים איז פיל שענער אז ער זאל ליגען מיט שרים גיבורי חיל וואס זייא האבין זיך מוסר נפש גיוועזן וועגין צרפת. אונ פאר אים איז מעהר כבוד אז ער זאל ליגען צווישען גיבורי החיל וויא פאר זיין לעבין איז ער שטענדיג מיט גבורי חיל גיוועזין, ארום גירינגעלט אונ אלע שרי פאריז האבין דאצוא מסכים גיוועזין.

ליבע לעזערס דא האט איהר גילעזט דעם כבוד וואס קיניג לודוויג האט גיטאן צום טויטין קערפער נאפאלעאן וועגין צוא שטילען דיא אונרוהע הערצער פון פריינקרייבער איינוואהנער וואס האבין

גיקלאגט אויף זיין גער אונ ער האט פאר גיוויס גימיינט אז וועגין דעם וועט איבריג גיוועלטיגען זיין מלוכה אויף דור דורות אבער זיין ווינש איז דאך ניט אויסגיפירט גיווארין ווייל הש"י דער מלך איבער אלע מלכים דער הערר איבער אלע הערין האט אנדערשט גיוואלט אונ עס גישאה אונ יאהר 1849 האבין די שרי פאריז גישריבין צוא לודוויגין דער זאהן פון לודוויג נאפאלעאנס ברודער אז ער זאל קומען נאך פאריז צוא זיין אמושל אויף צרפת אלס פרינץ פרעזידענט אונ ער איז מרוצה גיווארין אונ אין קורצין האט ער צרפת אלס אין ארדענונג גיבראכט נון וויא צרפת איז צוא פרידען מיט אים גיוועזין אלזויא האבין זיך צרפתים אונ זייערע שטעט איין גיזאמילט 8 מיליאן מענשין אונ זייא האבין אריין גישריבין צוא די שרי סענאט אונ פאריז אז דער לודוויג נאפאלעאן זאל גיקריינט ווערין קייזער צרפת פיר אים אונ פיר זיינע קינדער אדער משפחה לדור דורים. אונ עס גישאה דען 2 טען דעצעמבער 1852 איז דער לודוויג נאפאלעאן גיקריינט גיווארין אלס קייזער צרפת אונ ער איז גיבראכט גיווארין מיט דעם קייזערליכען כבוד אונ דעם פאלאץ נאטארדאמע אונ דער ערצביישאף האט אים גיזאלבט אונ די קייזערליכע קרוין אן גיטאן אונ איין שטים איז ארויס אויף דער מדינה צרפת די קסריות האט זיך ווידער גיקערט צוא די משפחה נאפאלעאנס אונ וויא ער האט די קרוין אן גיטאהן אזויא האט ער זיך אויך באקליידעט מיט הכמה אונ גבורה.

אונ זיין נאמין איז דער 3 נאפאלעאן קייזער צרפת ווארום זיין פעטער נאפאלעאן הגדול מאחיו האט זיך גירופין דער ערשטער נאפאלעאן זיין זאהן האט זיך גירופין דער צווייטער נאפאלעאן ווארום וויא ער איז גיבארין גיווארין האט שוין צוא אים גיהערט די קסריות אונ חאטשי ער האט ניט גיקיניגט ווארום ער איז גישטארבין יונגער הייט דאך אבער איז זיין נאמין גיוועזין דער צווייטער נאפאלעאן אונ ווייל ער האט קיין קינד גילאסט קאמט די מלוכה אן דעם נעהנסטען פריינד אונ דיזער לודוויג איז דער נעהנסטער צוא דעם פאר־שטארבענען יונגען נאפאלעאן אונ ער רעגירט צרפת מיט חכמה אונ מיט גבורה.

ענדע דאס דריטע טהייל

# פירטע טהייל

# דער דריטער נאפאלעאן

דער ערשטער נאפאלעאן האט געהאט איין ברודער לודוויג באנעפארטע קעניג פון האללאנד. זיין פרויא האט גיהייסען האטענזי. דיא קייזערין יאזעפינעס טאכטער (וויא בעקאנטליך איז יאזעפינע געוועזען נאפאלעאנס ערשטע פרויא). אים 20 אפריל 1808 האט הארטענזיא געוואונען איין זאהן לודוויג נאפאלעאן. וועלכער איז שפעטער געווארין קייזער איבער פראנקרייך. אונ איז געוועזין האכבעריהמט אויף דער גאנצער וועלט.

זיין מוטער דיא קעניגין האט איהם זייער גוט ערצויגין. זיא האט איהם גינומען דיא בעסטע לעהרערס אונ האט אויסדריקליך באפוילין אלע הויף באדינטע זיא זאלין איהם ניט שמייכלין אונ ניט נאך געבין דאס מינדעסטע. דען דאס איז גיפט פיר יונגע קינדער.

איינמאל האט זיא איהם גיפרעגט „וואס ווירסטו טאהן ווען איך אונ דיין פאטער וועלין שטארבין אונ דוא ווירסט בלייבין ארום?". ער האט איהר גיענטפערט איך וועל פליקען רויזען אונ וועל מאכין קרענצליך צוא פאר קויפין. מיט דעם געלד וועל איך מיך ערנעהרין. דיא מוטער איז דאס גיפעלין אין זיא האט צוא איהם גיזאגט. קיין איינציגער מענש איז ניט זיכער אויף אייביג.

אמאהל איז געוועזין איין גרויסער פראסט איז ער געקומען פון דער גאס נאקעט אונ בארפוס אין דיא מוטער האט איהם גיפרעגט וואס איהם איז געשעהן האט ער איהר גיענטפערט אז ער האט געזעהן אויף דער גאס איין ארום קינד נאקעט אונ בארפוס. האט ער איהם געגעבין זיין ראק אונ דיא שיך.

וויא דער 1 נאפאלעאן איז אבגעזעצט געווארדין האט זיך זיין מוטער מיט איהם באזעצט אין דער שווייץ. דארט האט ער געלערינט דיא דייטשע שפראכע אונ האט פלייסיג שטודירט אלע וויסענשאפטען. איבערהויפט האט ער שטארק געלערנט דיא קריגס־קונסט יעצט האט געזאן צוא איהם געשריבין פון פארטוגאל ער זאל נעמין דיא קעניגין פאר

איין

אין זייב אונ זאל זיין קעניג פון פארטוגאל, ער האט אבער גיזאגט
איך וויל ניט רעגירען איבער איין אנדער לאנד ; פראנקרייך איז מיין
אונ עס ווירד נאך קומין איין צייט וואס איך וועל דריבער הערשין.
אים יאהר 1832 האט ער גידרוקט דרייא ביכער. איבער דער רעגירונגס
וויסענשאפט אונ איבער דער קריגס קונסט. אונ דיא וועלט האט
גיזעהן וויא קלוג ער איז דורך דעם איז ער גיוואָרין איין הויפטמאן
אין דער שווייץ. אונ דאן איז ער גיפארין קיין נארד־אמעריקא.

אים יאהר 1837 האט ער באקומין דיא נאכריכט אז זיין מוטער
איז גיפעהרליך קראנק דרום איז ער גישווינד צוריק גיקומין. אונ האט
נאך גיזעהן דיא מוטער פאר דעם טויט. אונ לאנדין האט ער ווידער
גימאכט איין פראנצעזיש בוך אונ האט עס אבגידרוקט. אונ עס איז
דיא פראנצויזין זא שטארק גיפעלין. דאס מאן האט אונ איין קורצע
צייט עטליכע טויזינד שטיק פארקויפט.

נאכדעם וואס ער האט ארויס גיגעבין פיעלע ביכער איז ער
אים יאהר 1840 מיט פיעלע גוטע פריינד גיפאהרין קיין פראנקרייך
איבעראל ווא ער איז גיקומין האט מען אים מיט גרויס פרייד אויף
גינומען. אונ ער האט אוועק גיגעבין איין פאטענט. דאס דער קעניג
איז אבגיזעצט אונ איין אנדערער ווירד איבערנעמין דיא רעגי...
אבער עס איז נאך גיוועזין פיהל מיליטער וואס האט גיהאלטין מיט
דעם קעניג דרום האבין זייא לודוויג נאפאלעאן גיפאנגען גינומען. אונ
דער קעניג האט איהם פארורטיילט ער זאל זיצין לעבענס לענגליך
אונ דער פעסטונג.

וועהרענד דער גאנצין צייט וואס ער איז גיזעסין אין דעם
פעסטונג האט ער זיך בעשעפטיגט מיט דער ליטעראטור אין האט
גישריבען פיעלע ווערקע. ער האט איבערגיזעצט שיללערס ווערקע
אלע אויף פראנצעזיש אד"ג.

אים יאהר 1846 איז צוא איהם גיקומין דיא טרויריגע נאכריכט
אז דער פאטער איז גיפעהרליך קראנק ער האט גישריבין צום קעניג
ער זאל איהם ערלויבין צוא פאהרין צום פאטער אונ אויך דער
פאטער האט אים זייער שטארק גיבעטין אז ער וויל זיין קינד זעהן
פאר דעם טויט. אבער דער קעניג האט גאר ניט גיוואלט הערין
זייער גיבעט אין דיזעם האט נאפאלעאן גילאזט שרייבין אונ דער
צייטונג אין דאס האט יעדען שטארק פארדראסין אויף דעם קעניג
לודוויג.

אין אם 26 מייא 1846 האט ער זיך אנגיטאן ברייטע הויזין
אונ אגראב העמד איבער דיא הויזין וויא א פייער. אונ האט זיך דאס

פנים

פָּנִים שְׁטַארְק פַארְשְׁטֶעלְט מַאן זָאל אִים נִיט דֶערְקֶענֶען. אונ עֶר אִיז זִיךְ דוּרְךְ גִיגַאנְגֶען דוּרְךְ דֶעם הויף אונ דִיא וַואכְן הָאבְּן אִים קֵיין וָוארְט גִיזָאגְט. דֶען זַייא הָאבְּן גִימֵיינְט דָאס עֶר אִיז אֵיין אָרֶעמֶער פוּיעֶר. דְרוֹיסְן פַאר דֶעם גִיפֶּענְגְנִיש אִיז שׁוֹין גִישְׁטַאנֶען אֵיין פִיאַקֶער. וָואס זַיינֶע גוּטֶע פְרַיינְד הָאבְּן אִים אָן גִיגְרֵייט. עֶר הָאט זִיךְ אַרַיין גִיזֶעצְט אונ אִיז גִישְׁוִוינְד גִיפָאהְרִין בִּיז צוּא דֶער אַייזְן בַּאהְן אונ פוּן דָארְט אִיז עֶר בִּיז אִיבֶּער דֶער גְרֶענִיץ קֵיין ענגלאנד אונ הָאט זִיךְ בַּאזֶעצְט אִין לאנדון אונ הָאט דָארְט גִיוואוֹנְט 21 מאנאט. — וויא עֶס אִיז גִיוֶועזְן אִין פאריז דִיא גְרוֹיסֶע רעוואליציאן אִים יָאהְר 1848 אונ מַאן הָאט אָבְּגִיזֶעצְט דֶעם קעניג. אִיז עֶר גִישְׁוִוינְד גִיקוּמֶען קֵיין פאריז. דִיא פראוויזארישע רעגירונג הָאט אִים אָבֶּער אַרוֹיס גִיטְרִיבְּן אונ הָאט דֶעם בֶּעפֶעהְל גִיגֶעבְּן דָאס וֶוען עֶר ווירְד נָאךְ אַמָאהְל קוּמְן קֵיין פראנקרייךְ זָאל מַאן אִיהְם אַיינְזֶעצְן אִין קֶערְקֶער. דָאס הָאט אָבֶּער דֶעם פָאלְק שְׁטַארְק פַארְדְרָאסְן אִין אַם 10 דעצעמבער 1848 זֶענֶען צוּא זַאמְן גִיקוּמְן דֶעפּוּטִירְטֶע פוּן גַאנְץ פראנקרייךְ וֶועהְלְן אֵיין פרעזידענט וָואס זָאל רֶעגִירֶען אִיבֶּער פראנקרייךְ אונ אַלֶע הָאבְּן אִיהְם גִיוָואלְט; אַלְזוֹיא הָאט עֶר אַוֶועק גִינוּמְן דִיא רעגירונג אִיבֶּער פראנקרייךְ אויף דְרַייא יָאהְר אונ הָאט גִיהַאט דֶעם טִיטֶעל פּרינץ פרעזידענט. אַם 2 טען דעצעמבער 1852 זִינְד ווִידֶער צוּא זַאמְן גִיקוּמֶען דעפּוּטירטע פוּן גַאנְץ פראנקרייךְ. אונ 8 מיליאן שְׁטִימְן זֶענֶען גִיוֶועזְן עֶר זָאל זַיין קייזער פוּן פראנקרייךְ. מַאן הָאט אִיהְם גִיקְרֵיינְט מִיט גְרוֹיס פַּארַאדֶע. אונ עֶר הָאט בַּאקוּמֶען דֶעם טִיטֶעל נאפאלעאן דֶער דְרִיטֶער *) קייזער פוּן פראנקרייךְ.

אִים יָאהְר 1853 הָאט עֶר גִיהֵייראַטְהֶעט אֵיין שְׁפַּאנִישֶׁע גְרֶעפִין אֵיינֶעגְנִיעֶ מָאנְטִייא וֶועלְכֶע אִים יָאהְר 1858 דֶעם קְרוֹינפּרינץ נאפאלעאן אֵיישֶׁל גִיוִוינֶען. עֶר הָאט זִיךְ אוֹיךְ גִיוֶועזְן אַגְרוֹיסֶער יוּדֶענְפְרַיינְד אונ אֵיינֶער פוּן דִיא גְרֶעסְטֶע מִינִיסְטָארֶען אִיז גִיוֶועזְן איוד. נַאמֶענְס אִיז פישיל פולד, אִים יָאהְר 1856 הָאט עֶר גִיפִירְט מלחמה מִיט רוסלאנד.

אין

---

*) אין דעם ספר „דברי ימי עולם" פון ר' קלמן שולמאַן נ"י (6. טהייל) שטייט דאָכ דיא מיניסטאָרין האָבין גיפרעגט לודוויג נאַפּאָלעאָן פאַר וואָס ער רופט זיך „נאַפּאָלעאָן דער דריטער" דען דער צווייטער נאַפּאָלעאָן האָט דאָך ניט רעגירט, דאַ־ויף האָט זייא לודוויג גיענטפערט: „מיין פעטער נאַפּאָלעאָן דער ערשטער, איז גיוועזין איינער אונ עס איז ניט דאָ צוא איהם קיין צווייטער! —

אין האט איינגינומען דיא פעסטונג סעבאסטאפאל. נאכדעם האט ער גימאכט נייע איינריכטונגען אין פראנקרייך. ער האט דאהויבין דעם האנדיל אונ דיא האנדוועקעריא. אין האט אים אללגעמיינען פאר בעסערט דיא לאגע דער פראנצויזין. זייני שונאים האבין אבער ניט גירוהט אונ האבין עפענטליך גישריבין אין דיא צייטונגען קעגין איהם דאמיט זייא זאלין או פהעצין דאס פאלק אויך דיא גרויסע לייט זענין פון איהם ניט צוא פרידין גיוועזין. אטהייל דורך ש.אה. אין אטהייל דורך דעם וואס ער האט גיהאט מאנכע פעלער אונ דער רעגירונג. נאפאלעאן האט יעצט פארשטאנין אז דער עולם האט פון איהם ניט קיין הנאה. אין ער האט אנגיהויבין מורא צוא האבין... עס זאל ניט קעגין איהם ענטשטעהן ארעוואליציאן דרום האט ער גיגעבין נייע גיזעטצע אין פראנקרייך דורך וועלכע דיא פראנצויזין דיא פרייהייט ערהאלטין האבין אזויא וויא זייא האבין גיוואלט.

אין יאהר 1859 האט דער מלך וויקטאר עמנואל פון סארדינא אונ דער דריטער נאפאלעאן קיסר פון פראנקרייך גיבעטין פון עסטרייכישען קייסר ער זאל צוא ריק געבין צוא וויקטאר עמנואל לאמבארדיא איטאליען. אונ דער עסטרייכישער קייזער האט ניט גיוואלט צוריק געבין. איז גיווארין אגרויסע מלחמה איטאליען מיט עסטרייך. אונ פון איטאליען איז גיפאלין זייער פיל מענשין. ביז דיא פראנקרייכישע מיליטער זענין זייא גיקומין צוא הילף. אונ דער קייזער נאפאלעאן אליין איז גיקומין צוא דיא מלחמה אונ מיט אים איז גיקומין דער גרויסער גענעראל מאקמאהאן. איז גיווארין אגרויסע מלחמה נעבין דעם דארף מאגענטא. עס זענין געהרגת גיווארין פיל טויזענדער מענטשין פון עסטרייך. אונ אין צווייא חדשים שפעטער איז גיוועזן אגרויסע מלחמה נעבין דיא שטאט סאלפערינא אונ דארט האבין זיך אויך דיא פראנצויזין גישטארקט אויף דיא עסטרייכער אונ פון דיא עסטרייכער זענין פיל געהרגת גיווארין. זייער גענעראל איז גיוועזן גיולאיי. אונ דער עסטרייכישער קייזער האט גימוזט מאכין שלום מיט איטאליען אונ האט צוריק גיגעבין צוא וויקטאר עמנואל דיא שטאט לאמבארדא. אונ ביא עסטרייך איז נאך געבליבען דיא שטאט ווענעציא.

דער נאך האט וויקטאר עמאנואל איין גינומין נאך קליינע שטעט פון איטאליען. דיא שטאט טאסקאנא. פארמא. מארענא. אונ נאך שטעט האט ער אוועק גינומין פון פאפסט. דיא שטאט באלאניא. אנקאנא. פערארא. אין דיא שטעט וואס וויקטאר עמאנואל האט איין גינומען איז ביא דיא יודין גיוועזן אגרויסע שמחה. וויל ביא אים זענין יודין גלייך גיוועזן מיט אנדערע פעלקער. ער איז גוט גיוועזן

צוא

צוא אַלֶע מֶענְטְשִׁין וָואס הָאבִּין גְעוואהְנְט אִין זַיין מְדִינָה. אונ דֶער מלך וויקטאר עמאנואל הָאט גִינֶעבִּין צוּט קאפרערא.

אִין דֶעם יָאהְר 1861 דָאבִּין דִיא פראנצויזין הישפאַ׳ער אִין ענגלענדער מלחמה גִיהַאלְטִ׳ן מִיט דִיא מְדִינָה מעקסיקא. אִין אמעריקא. דֶען זַייא הָאבִּין פַאר־לַאנְגְט פוּן דִיא רעגירונג פוּן מעקסיקא 75 מִילְיָאן פְרַאנְק וָועלְכֶע זַייא הָאבִּין שָׁאדֶען גִיטָאן דִיא ענגלענדער. מִיט וָועלְכֶע זַייא הָאבִּין דִיא ענגלענדער אַרויס גִיטְרִיבֶּען פוּן מעקסיקא. נור וַוייל דִיא פראנצויזין הָאבִּין זִיךְ עֶרְלוֹיבְּט צוּא גִיוָועלְטִיגֶען מֶעהְר וִויא דִיא ענגלענדער אִין הישפאנער אִין מעקסיקא זֶענִין דִיא ענגלענדער אִין הישפאנער אִין דֶעם יָאהְר 1862 אַרויס פוּן מעקסיקא. אִין דִיא פראנצויזין זֶענִין גִיבְּלִיבֶּען אַלֵיין נור 8 טויזִנְד מַאן מִיט אֵיין אַנְפִירֶער לָארענצעס. אִין פראנקרייךְ הָאט נָאךְ גִישִׁיקְט מִילִיטֶער 45 טויזִנְד מַאן מִיט אֵיין אַנְפִירֶער פארעי. אִין דֶער פארעי הָאט גַאנְץ מעקסיקא אֵיין גִינוּמִין. אִין הָאט פַארְטְרִיבֶּען דֶעם פרעזידענט זיווארעץ אִין הָאט גִימַאכְט דֶעם גענעראל באזען פַאר אֵיין פרעזידענט. אִין נאפאל׳יאן הָאט בַּאפוילֶען אַז מֶען זָאל אויס קְלוֹיבִּין אֵיין קייזער אִיבֶּער מעקסיקא. הָאבִּין זַייא אויסְגֶעקְלִיבֶּען דֶעם עֶרְצְהֶערְצָאג מאקסימיליאן דֶעם עסטרייכישין קייזערס בְּרוּדֶער. דִיא מעקסיקאנער הָאבִּין דֶעם מאקסימיליאן שֵׁיין צוּא גֶענוּמֶען נור נִיט מִיט דֶעם גַאנְצֶען הַארְץ. דֶען דִיא מעקסיקאנער הָאבִּין גִיפָאלְגְט דֶעם פָארִיגִין פרעזידענט זיווארעץ אִין הָאבִּין מוֹרֵד גִיוָועזִין אִין קיזר מאקסימיליאן אִין ווִי נאפאלעאן הָט דָם גִיהֶערְט הָט עֶר בַּאפוֹילִין אַז דֶער קייזער מאקסימיליאן מִיט דֶעם מִילִיטֶער זָאלִין צוּרִיק נָאךְ אייראפא. אָבֶּער דֶער קייזער מאקסימילין הָאט נִיט גִיפָאלְגְט אִין אִיז גִיבְּלִיבִּין מִיט אַבִּיסֶעל מִילִיטֶער. אִין אַצַייט אַרוּם הָאט דֶער פרעזידענט זיווארעץ גִינוּמִין דֶעם קייזער מאקסימיליאן מִיט זַיין בִּיסֶעל מִילִיטֶער אִין גִיפֶענְגֶענִים אִין אִים יָאהְר 1867. 19 אויגוּסְט. אִיז עֶר אִין זַיינֶע צְוַוייא מארשאללין מיראמאן אונ מעיא פֶערְמִיטְפָּט גִיוָוארִין צוּם טוֹיט.

אִין יָאהְר 1867 הָאט גִימַאכְט דֶער קייזער נאפאלעאן דֶער דריטער. אֵיין אויסְשְׁטֶעלוּנְג אִין דִיא רֶעזִידֶענְץ־שְׁטָאט פאריז. מֶע הָאט זִיא דִיא וָועלְט אויסְשְׁטֶעלוּנְג גִינֶענְט. אונ פוּן דִיא גַאנְצֶע וָועלְט אִיז מֶע גִיקוּמִין נָאךְ פאריז אויף דִיא אויסְשְׁטֶעלוּנְג. עֶס הָאט זִיךְ דָארְטִין גִיפוּנֶען פוּן אַלֶע מִינֵי סְחוֹרוֹת אִין דֶער וָועלְט. אונ אַלֶע מִינֵי קוּנְסְטֶען פוּן דִיא גְרֶעסְטֶע קִינְסְטְלֶער פוּן דֶער וָועלְט. מֶע הָאט יֶעדֶערִין לוֹיט זַיין פֶערְדִינְסְט גִיגֶעבִּין אֵיין אוֹרְדֶער. פוּן גָאלְד זִילְבֶּער אוֹידֶער מֶעשׁ. אַלֶע גְרֶעסְטֶע פַארְפַּאסֶערִים הָאבִּין זַייעֶרֶע וֶוערְק גִישִׁיקְט קֵיין פאריז דָאס נאפלעאן

נאפאלעאן זָאל זַייא אויף דִיא אויסְשְׁטֶעלוּנְג וַוייזֶן. דֶער קייזער נאפאלעאן הָאט פֶערְלַאנְגְט פוּן אַלֶע קעניגין פון אייראפא דָאס זַייא זָאלִין קוּמִין קיין פאריז אִין דֶער עֶרְשְׁטֶער אִיז גִיוֶועזֶען דֶער קייזער אלכסנדר מיקאלאיעוויטץ פון רוסענלאנד אִין ג"ע אִיז זַיין נ"שמה. דֶער צְווַייטֶער אִיז גִיוֶוען דֶער קייזער פראנץ יוזעף פוּן עסטרייךְ זָאל לֶעבִּין. דֶער סולטאן עבדיל אזיז פון טורקייא אוּנ ווילהעלם דֶער קעניג פון פרייסין נ"ע. אוּנ נָאךְ קינִיגִין אוּנ פירשטין וָואס זֶענִין גִיקוּמֶען נָאךְ פאריז זֶעהֶען דִיא אויסְשְׁטֶעלוּנְג וֶועלְכֶע עֶס אִיז גִיוֶוען צוּם בֶּעווּאוּנְדֶערִין. עֶס אִיז אוֹיף דִיא אויסְשְׁטֶעלוּנְג גִיוֶוען אַיין שָׁאךְ קְלוּבּ אַיין שָׁאךְ טוּרְנִיֶע וֶועלְכֶע דִיא גְרֶעסְטֶע שְׁפִּילֶער זֶענִין גִיקוּמֶען שְׁפִּילֶען אִין שָׁאךְ. 4 פְּרֶעמְיֶען אִיז גִיוֶוען צוּא גִיוִוינֶען. אוּנ פוּן 18 שְׁפִּילֶער הָאבִּין נוּר 4 יוּדִין גִיוֶוען גִיוִוינִין דִיא פרעמיען. דִיא עֶרְשְׁטֶע פרעמיע הָאט גִיוִוינֶען ה" קאליש פון אונגארין דִיא צְווַייטֶע שמעון ווינאווער פון ווארשא דִיא דְרִיטֶע אוּנ דִיא פִירְטֶע ה" נייכאן אוּנ שטייניטץ.

אִין יָאהְר 1870 הָאבִּין דִיא הִישְׁפַּאנֶער אויסְגִיקְלִיבֶּען פִיר אַיין קֶענִיג דֶעם פִּירְשְׁט לעאפאלד פוּן האהענצאלערען. אוּנ דָאס אִיז נִיט גִיפֶעלִין דֶעם קייזער נאפאלעאן. וָוארִין דֶער פִּירְשְׁט אִיז גִיוֶוען פַאמִילְיֶע מִיט דֶעם קעניג פון פרייסין הָאט נאפאלעאן גִישִׁיקְט צוּם קיניג פון פרייסין דוּרְךְ דֶעם אמבאסאדור. דָאס דֶער פִּירְשְׁט זָאל נִיט אָן נֶעמֶען דָאס רֶעגִירוּנְג פון הישפאניען אוּנ וֶוען נִיט וֶועט עֶר מלחמה הַאלְטֶען. דֶער פִּירְשְׁט הָאט גִיזֶעהְן אַז דָארְךְ עֶם קֶען זַיין אַגְרוֹיסֶע מלחמה צְווִישִׁין פראנקרייךְ אוּנ פרייסין. הָאט עֶר בֶּעקַאנְט גִימַאכְט אִין אַלֶע צֵייטוּנְגֶען אַז עֶר ווִיל נִיט זַיין קעניג פון הישפאניען. אַלֶע הָאבִּין גִירֶעכִינְט אַז עֶס וֶועט גִיוִוים שְׁטִיל זַיין. נָאר נִיט אַזוֹיא ווִיא מֶען הָאט גִימֵיינְט אִיז גִיוָוארִין. דֶען נאפאלעאן הָאט פֶערְלַאנְגְט פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן פרייסין אַז עֶר זָאל פַארְזִיכֶערִין אַז מֶעהְר וֶועט נִיט זַיין פוּן זַיין פַאמִילְיֶע אַיין קֶענִיג אִיבֶּער הישפאניען. אוּנ דָאס הָאט דֶעם קֶענִיג פון פרייסין פֶערְדְרָאסִין. אוּנ עֶר הָאט אִיהְם גִיהֵייסִין זָאגִין אַז עֶר עֶנְטְפֶערְט נִיט אויף אַיין זַאךְ צְווַייא מָאהְל. אוּנ מֶעהְר הָאט דֶער קֶענִיג פוּן פרייסין נִיט גִירֶעט מִיט דֶעם אמבאסאדור פון פראנקרייךְ. אִיז נאפאלעאן שְׁטַארְק בֵּייז גִיוָוארִין אויף דֶעם קֶענִיג פוּן פרייסין. אוּנ ווַייל דִיא פראנצויזין הָאבִּין שׁוין לַאנְג פֵיינְד דִיא פרייסין אִיז גִיוֶוען דִיא רֶעכְטֶע צֵייט אָן צוּא זָאגִין קְרִיג פרייסין. אוּנ נאפאלעאן הָאט אָנְגִיזָאגְט קְרִיג פרייסין דוּרְךְ דֶעם גֶענְערַאל ווימפען. אוּנ הָאט אַיינְגֶעזַאמִילְט דָאס גַאנְצֶע מִילִיטֶער. אוּנ הָאט זַייא גִישְׁטֶעלְט בַּייא דֶעם רהיין. אוּנ פרייסין הָאט אַיינְגִיזַאמִילְט מִילִיטֶער בִּיז אַיין מִילְיָאן אוּנ זַייא מַאשְׁיֶערְט

ביז

בִּיז דִיא פראנצעזישע גְרֶענִיץ . אונ דִיא פראנצויזין זֶענִין גִיוֶועזֶען צִישְׁפְּרֵייט אויף פִיהְל עֶרְטֶער . אונ דַאמָאלְט וֶוען דִיא פרייסין זֶענִין גִיגַאנְגִין צוא דֶער פראנצעזישע גְרֶענִיץ . הָאט נאפאלעאן גָאר נִיט גִיטָאן . נָאר עֶר הָאט אֵיין גִינוּמֶען דִיא שְׁטָאט זאאברִיק . דִיא פרייסישע אַרְמֶע אִיז גִיוֶועזֶען אֵיין עֶרֶך פוּן אַמִילְיָאן וֶועלְכֶער צֵייט פוּן אַטִילָא קֶענִיג פוּן ההונען אִיז נָאךְ אַזָא פִיהְל וֶועלְכֶער נִיט גִיגַאנְגֶען אִין אֵיין מלחמה . אונ בַּייא דִיא שְׁטָאט ווייסענבורג אִיז דֶער קְרוֹין פרינץ פוּן פרייסין מִיט 75 טויזִינְד מַאן אַרִיבֶּער דֶעם רהיין קִיין פראנקרייךְ . אונ הָאט גִיהַאלְטִין מלחמה מִיט 13 טויזִינְד פראנצויזין אוּנְטֶער דֶעם גֶענֶערַאל אבעלדועה אֵיין יוּד וָואס הָאט דִיא מלחמה גיפִירְט אַזויא וִויא דֶער גְרֶעסְטֶער הֶעלְד . נָאר וָואס קֶענִין 13 טויזִינְד מַאכִין גֶעגֶען 75 טויזִינְד . דֶענָאךְ הָאט דִיא מלחמה גִידוֹיעֶרְט בִּיז דֶער גֶענֶערַאל אבעלדועה אִיז גִיהַרְגֶת גִיוָוארִין . נאפאלעאן הָאט גִיזֶעהְן אַז עֶס אִיז נִיט גוּט הָאט עֶר גִינוּמִין דָאס מִילִיטֶער וָואס אִיז גִישְׁטַאנֶען אִין רוּים וָואס הָאבִּין דֶעם פַּאפְּסְט גִיהִיטִין אויף אִין דֶער מלחמה . דִיא פרייסין זֶענִין גְלַייךְ גִיגַאנְגֶען קִיין פראנקרייךְ . אונ אָן דֶען 16 אויגוּסט 1870 הָאבִּין זִיךְ פרייסין גִיטְרָאפִין מִיט דִיא פראנצויזין 70 טויזִינְד מַאן אוּנְטֶער דֶעם הֶעלְד גֶענֶערַאל מאקמאהן בַּייא דִיא שְׁטָאט וֶוערְטֶעה . אונ וֶוערֶענְט 6 שְׁטוּנְדִין זֶענִין 8 טויזִינְד פראנצויזין גִיפַאלִין אונ גַאנִירְט . אונ 7 טויזִינְד הָאבִּין דִיא פרייסין פֶערְנוּמֶען לֶעבֶּענְדִיג . אונ פוּן פרייסין אָבּוואהְל עֶס אִיז גִיפַאלִין בִּיז 13 טויזִינְד מַאן יֶעדָאךְ הָאבִּין דִיא פרייסין פְּלַאץ גִיהַאלְטִין אִין הָאבִּין גֶעזִיגְט אִיבֶּער דִיא פראנצויזין . דֶען דִיא פרייסין זֶענִין גִיוֶועזֶען בִּיז 100 טויזִינְד מַאן . אונ עֶר הָאט פֶערְפֶעלְט פִּילְוֶוער צוּם שִׁיסֶען . אונ הָאבִּין קִיין פּוּלווער גִיקְרִיגֶען . עֶס אִיז ווִיסֶענְדְלִיךְ אַז דִיא פראנצויזין זֶענִין גְרויסֶע הֶעלְדֶען נָאר דָאס רֶעגִירוּנְג אִיז דַאמָאלְס גִיוֶועזֶען זֶעהְר אִין שְׁלֶעכְטֶע הֶענְד . דִיא פראנצעזישע גֶענֶערֶעלֶער הָאבִּין גִיפִיהְרְט דִיא מלחמה לויט וִויא אֵיינֶער הָאט גִיוָואלְט אֵיינֶער אִיז דֶעם צְווייטִין נִיט גִיקוּמִין הֶעלְפֶען . נָאר יֶעדֶערֶער הָאט גִיקוּקְט פַאר זִיךְ אונ דָאס אַפִּירֶען פוּן דֶער מלחמה אִיז גִיוֶועזֶען אָן אָרְדֶענוּנְג . דֶען אַלֶע מָאהְל אַז פַארְפֶעלְט פִּילְוֶוער אונ שְׁפַּייז פִיר דֶעם מִילִיטֶער . פרייסין הָאט פוּן דֶעם אַלְמֶען גֶעוְוִיסְט . זֵייעֶר מִילִיטֶער אִין דִיא אַנְפִירֶערְס זֶענִין גִיוֶועזֶען אִין אָרְדֶענוּנְג . אִיבֶּער דֶעם הָאבִּין דִי פרייסין גִיזִיגְט אִיבֶּער דִי פראנצויזין . אונ אִין דֶעם זֶעלְבֶּען טָאג הָאבִּין דִיא פרייסין אַרוּיס גִיטְרִיבִּין דִיא פראנצויזין פוּן זאארבריק . אַזוֹי זֶענִין דִיא דְרַייא אַרְמֶעֶען פוּן 500 טויזִינְד מַאן גֶעצויגִין אִין פראנקרייךְ . אונ זֶענִין גִיגַאנְגֶען צוּם טַייךְ מאזעל וָואס דָארְט אִיז דָאס פעסטונגמעטץ . הֶען דָארְטִין הָאבִּין זִיךְ דִיא פראנצויזין אֵיינְגִיזַאמִילְט

אֵיין

איין גרויסע ארמעע אונטער דעם גענעראל באזען . אונ דיא ארמע וועלכע אונטער דעם גענעראל מאקמאהן זענין קיין פאריז גיגאנגען . אונ דען 16 אויגוסט 1870 איז גיוועזן איין גרויסע מלחמה ביא מעטץ דיא מלחמה האט גיווערט דרייא טאג . אונ אבוואהל עס זענין גיהרגת גיווארין פון פרייסין ביז 40 טויזינד מאן אין פון דיא פראנצויזין נאר 20 טויזינד דערנאך זענין דיא פראנצויזין אריין אין פעסטונג אין האבין זיך פערשפארט דען דיא פרייסין זענין פיהל מעהר גיוועזן אלס דיא פראנצויזין . אונ פרייסין האבין באלעגערט דאס פעסטונג מעטץ אין האבין קיינעם ניט ארויס גילאזט . אונ וויא מאקמאהן האט דאס דער הערט האט ער גיוואלט גיין צוא הילף באזענין נאר דיא פרייסין זענין עס בעפאלען דעם 31 אויגוסט אונ וועהרענד דרייא טאג האבין דיא פרייסין ארום באלעגערט דיא גאנצע ארמעע דען דער גענעראל מאקמאהן איז ראנירט גיווארין אונ עס האט פארפעלט פילהער אין עסען . אונ דעם קייזער נאפאלעאן האבין דיא פרייסין גינימין אין גיפענקעניש מיט 50 טויזינד ביא סעדין נאר איין קליינע טייל מיליטער האבין זיך דורך גישניטין קיין פאריז . אונ וויא דיא נאכריכט איז גיקומען קיין פאריז איז דיא קייזערין עאוגעניא אנטלאפין פון פאריז . אין דיא פראנצויזין האבין באלד גימאכט רעפובליק אונ דיא אנפירער זענין גיוועזן דער גענעראל טראשי גאמבעטטא אונ קרעמיא איוד וויל פאברע זייא האבין גיזאגט אז מע זאל פירען מלחמה מיט פרייסין ביז דעם לעצטען טראפען בלוט . אונ מע זאל ניט געבין פרייסין קיין אייל ערד אין פראנקרייך אונ איין שטיין פון איין פעסטונג נאר פרייסין האט אויף דעם אלמען ניט גיקוקט אין איז מיט 500 טויזינד מאן גיגאנגען קיין פאריז אונ קרעמיא אונ גאמבעטטא זענין קיין טורס אין דערמען האבען זייא נייע מיליטער געגרינדעט אונ האבין דאס מיליטער קיין פאריז גישיקט . דעם 19 סעפטעמבער האבין דיא פרייסין אנגעפאנגען צוא באלעגערין פאריז מיט איין ארמעע פון הונדערט טויזינד מאן . דיא פראנצויזין וואס זענין גיוועזן פון דרויסין פון דער שטאט האבין פיהל מאהל מלחמה גיהאלטין מיט דיא פרייסין נאר קיין פאריז האבין זייא ניט גיקאנט אריין דען דיא פרייסין זענין אגרויסע מאכט אין האבין זייא אוועק גיטריבען פון פאריז .

אין יאהר 1870 הט צוא גינומען דר קייזער וויקטאר עמנואל די שטאט רוים אונ די גאנצע געגענד אין דער פאפסט איז גיבליבין נור איין גייסטליכער . אין רוים איז בעהעפט גיווארין צו איטאליע אין יודין מעגין שאהן וואהנען דורטען . ניט וויא אמאהל איז גיוועזן . דען פריער איז גיוועזן זייער שלעכט פאר יודין אין רוים קוים האט דער זייגער גישלאגין

געשלאגען 9 האבען דיא יודען שאן געמוסט פארמאכען זייערע וואהנונגען אין קיין יוד האט זיך ניט געטארט געפינען אויף דער גאס אונ זייא זענען געוועזן וויא דיא געפאנגענע. נאר יעצט זענען יודען פרייא זייא רעכענען זיך וויא איטאליענער פון די צייט וואס דער פאפסט האט אויף געהערט צוא רעגירען אין רוים. אין 27 סעפטעמבער 1870 האבען דיא פרייסען איינגענומען דאס פעסטונג שטראסבורג צווייא חדשים האבען די פרייסען באלעגערט שטראסבורג אונ 20 טויזינד בומבעס האבען די פרייסען אריין געשאסין קיין שטראסבורג אין האבען איין האלבע שטאט פארברענט נאר דער קאמענדענר האט געזעהן דאס איין האלבע שטאט איז פערברענט אין עסען פעלט אויף שאהן האט ער איבערגעגעבין דם פעסטונג דיא פרייסען אונ ער מיט 10 טויזינד מאן זענען געפאנגען געווארין ביי די פרייסען. אין חודש נאוועמבער האבען דיא פראנצויזען געזיגט איבער די בייערין אונ איבער די פרייסין ביי די שטאט ארליעאנס. אונ זענין קיין פאריז העלפען דיא שטאט נאר אין דיא זעלבע צייט הט זיך באזען מיט 100 טויזינד מאן איבער געגעבין אין דיא פרייסענס הענד אונ דאס פעסטונג מעטץ ועלכעס עס איז ניט דא דאס צווייטע פעסטונג אויף דער וועלט דורך דעם האט פרייסין געקריגען הילף ביא פאריז איין ערך פון 200 טויזינד מאן וואס ביז יעצט האבען זייא באלעגערט מעטץ. אונ דיא ארמעע האבען געטראפין אפען וועג דיא פראנצויזין וועלבע האבען געוואלט גיין קיין פאריז צו הילף. אין דיא פרייסען האבען ניט געלאזט דיא פראנצויזין גיין צו הילף קיין פאריז. אונ אין 8 נאוועמבער איז געוועזן איין גרויסע מלחמה צווישען פרייסין אונ פראנצויזען. אונ פון פאריז זענין דיא פראנצויזין באפאלין דיא פרייסען 200 טויזינד מאן אונ דיא מלחמה האט געדאערט פינף טעג. אונ דיא פרייסען זענען צוא ריק מאשירט. נאר דיא ארמעע וועלבע זענען געקומען פון מעטץ מיט פרינץ פרידריך קאריל האבען איבער נייעס גימאכט אמלחמה מיט דיא פראנצויזין אין דיא פראנצויזין האבען געמיסט אנטלויפין 20 מאל פון פאריז. אונ עס האט נאך ניט אויף געהערט דיא מלחמה אלע איז געוועזן נייע מלחמות. אבוואהל דיא חכמים גאמבעטטא אונ קרעמיא האבען געוואלט אויסלייזען פאריז פון דיא פרייסען. נאר עס האט זייא ניט געלינגען. דער גענעראל שאנצי אונ פעדהערב האבען אויף דאס איינענע געוואלט עס האט זייא אויך ניט געגליקט גאמבעטטא האט גיקלערט דאס ער קען העלפין פאריז פון דער זייט צוא דער שטאט ליאן העון דארטען איז געשטאנען איין ארמעע פראנצויזין אונטער דעם גענעראל גאריבאלדי בורבאקי אונ קרעמער 80 טויזינד מאן. נאר צום סוף האבען זייא אויך געמיסט

אב טרעטין זייערע פיזיציע אונ אלעם וואס גאמבעטטא האט גיוואלט איז צוא ניעשט גיווארין אין דער צייט האט פארפעהלט אין פאריז עסין דורך דעם האבען דיא פראנצויזען גיכיסט מאבען שטילשטאנד, איז גיווארין שלום צווישען פראנקרייך אין פרייסין. דאס פראנקרייך זאל באצאהלין פרייסען בראנדשאס פינף מיליארדין דאס איז פינף טויזינד מיליאן פראנק אונ עלזאס אונ לאטהרינגען זאל גיהערען צוא פרייסען. אונ פראנצעזיש לאטהרינגען דאס גרויסע פעסטונג מעטץ זאל גיהעדין צוא פרייסען; אונ 190000 פרייסען זאלען בלייבען אין פראנקרייך ביז פראנקרייך וועט באצאלען דיא פינף מיליארדען אונ טהירס איז גיווארין פרעזידענד איבער פראנקרייך. אין אקליינע צייט נאך דעם איז גיווארין אין פאריז ארעוואליוציאן זייא האבען פערשלאסען דיא שטאט אין האבען קיין מיליטער אריין גילאזט. אונ איינער האט דעם צווייטין גיהרגת. זייא האבען אזעלכע זאכען גיטאן וואס מע האט דאס נאך ניט גיהערט. אונ דער פרעזידענד הט גיהייסען אום קלובען 50 טויזינד מאן אז זיי זאלען שטילען דם פעוועל נאר די מורדים האבען די צוויי גענערעלער גיהרגת אומזיסט. ווי דער פרעזידענד טהירס הט גיזעהן אז עס העלפט גאר ניט. הט ער איבער גיגעבען דאס מיליטער אין דיא הענד פון מאקמאהן וואס ער איז צו ריק גיקומען פון פרייסען אונ ער הט מלחמה גיהאלטען געגען די מורדים אונ ער הט זייא איינגענומען. אונ ער הט גינומען די שטאט פאריז מיט גיוואלט. אונ דורך דעם האבען זיי איין גרויסען שאדען גימאכט אין פאריז דען זייא האבען פארברענט אלע פאלאצען אונ אלע אוצרות אונ אלע טייערע זאכען וואס הט זיך גיפונען אין פאריז. אין דעם דענקמאהל וואס נאפאלעאן דער ערשטער איז גישטאנען האבען זייא צוא האקט אונ דער שאדען האט באטראפען בין טויזינד מיליאן פראנק. דאס רעגירונג האט פון זיי באבע גענאמען. אונ עס פרידען גיווארין אונ אין דען ערשטין סעפטעמבער 1871 איז אויסגעקליבען גיווארין פאר איין פרעזידענד דער גרויסע חכם טהיערס. אויף גאנץ פראנקרייך אויף צוויא יאהר.

עגדע דאס פירטע טהייל